# היטלער'ס געבורט

פון

## שלום אַש





אַרויסגעגעבן פון פאָלקס-פאַרלאַג פון דעם
אידישן פראַטערנאַלן פאָלקס-אָרדן

# THE BIRTH OF HITLER

By SHOLEM ASCH


November, 1944
209
PRINTED IN U.S.A.

# הקדמה

אין ניינצן הונדערט דריי־און־דרייסיק, באַלד ווי היטלער האָט איבערגענומען די מאַכט אין דייטשלאַנד, האָט די „נייע פריע פרעסע״ געמאָלדן אין אַ באַשיידענעם ווינקל אויף אירע שפאַלטן, אַז „אַ זייער הויכע פּערזענלעכקייט פון דייטשן רייך, אין באַגלייטונג פון אַ גרופּע הערן אין שוואַרצן און אין צילינדער־היט, האָט נעכטן געמאַכט אַן אָטאָמאָביל־רייזע אַריבער דער דייטש־עסטרייכישער גרענעץ, איז צוגעפאָרן צו אַ שטאָט, וואָס ליגט האַרט ביי דער גרענעץ, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים דאָרטיקן בית־עולם און אַוועקגעלייגט אַ קראַנץ בלומען אויף אַ קבר. נאָך דער שטילער צערעמאָניע האָבן די אָטאָמאָבילן זיך אומגעקערט צוריק קיין דייטשלאַנד.״

יודעי־חן האָבן געוואוסט, אַז די הויכע פּערזענלעכקייט איז געווען — היטלער. האָט מען געגלויבט, אַז ער האָט, נאָך זיין גרויס־ווערן, באַזוכט די קברים פון זיינע עלטערן, וועלכע ליגן אין דער שטאָט לינץ. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער קבר, אויף וועלכן היטלער האָט אַוועקגעלייגט דעם קראַנץ בלומען, האָט זיך נישט געפונען אין לינץ. די אָטאָמאָבילן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, ווי נאָר זיי זיינען אַריבערגעפאָרן די בריק, וואָס ליגט איבערן טייך; זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין ברונאַ, אין היטלערס געבורט־שטאָט, — און דאָרט, אויף דעם בית־עולם אין ברונאַ, האָט מען געפונען אַ קראַנץ בלומען מיט אַ זייער האַרציקער אויפשריפט פון דעם מאַן, וואָס האָט איבערגענומען דעם גורל פון דייטשלאַנד און פון אַ האַלבער וועלט אין זיין האַנט.

דער קראַנץ בלומען איז געלייגט געוואָרן אויף אַ קבר, וואָס איז געווען אויסגעגליכן מיט דער ערד, פאַרוואָרפן אין אַ זייט, האַרט ביי דער וואַנט, און דער איינגעפאַלענער שטיין איבער אים האָט, אויף דעם שטרענג־קאַטוילישן בית־עולם, נישט געטראָגן אויף זיך קיין סימן פון קיין צלם; דער שטיין האָט אויך נישט אָנגעדייט דעם נאָמען פון דעם באַגראָבענעם.

עס איז נישט געווען קיין סוד אין אייראָפּע, אַז פונקט ווי זיין טויף־

פאָטער איז געווען אַן אומגעזעצלעך קינד און האָט געטראָגן אַ פרעמדן נאָמען, אַזוי איז אויך היטלער נישט דער זון פון זיין „פאָטער".

פאַרשיידענע ווערסיעס גייען אַרום איבער היטלערס ריכטיקן אָפשטאַם. אַ חשד איבער דעם האָט נישט קיין אַנדערער געוואָרפן, ווי טאַקע היטלער אַליין אין זיין בוך „מיין קאַמף".

די ביטערע פאַראַכטונג, מיט וועלכער היטלער רעדט וועגן זיין פאָטער, פאַרראַט, אין יעדן פאַל, אַז ביי זיין גאַנצן שטאָלץ מיט זיין ראַסישן אָפּ־שטאַם איז ער גאָרנישט שטאָלץ אויף דעם, וואָס איז אין דירעקטער ליניע פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין אָפּשטאַם.

פון זיין פריעסטער קינדהייט אָן איז היטלער געווען אין שטענדיקן קאָנפליקט מיט זיין פאָטער, וועמען ער האָט גאָרנישט צו פאַרדאַנקען ווי נאָר שטרויכלונגען אויף דעם וועג פון זיין קאַריערע. און כאָטש ער פאַר־שוויגט אַזוי „דיפּלאָמאַטיש" זיין גאַנצע פריע יוגנט אין ברונאַ, וועלכע האָט דאָך געמוזט, ביי אַזאַ אומרואיקן קינדערישן טעמפּעראַמענט, איבער־לאָזן געוויסע לעבנלאַנגע כאַראַקטער־שטריכן, איינקריצן טיפע זכרונות, רייסן זיך פאָרט אַרויס שפּורן פון אַן אַנדער איינפלוס, וואָס מען קאָן עס בשום־אופן נישט צורעכענען צו זיין באַשיידענעם פאָטער.

היטלערס באַציאונג צו זיינע עלטערן האָט געשאַפן אין אייראָפּע פאַר־שיידענע ווערסיעס וועגן זיין אָפּשטאַם. עס זיינען אַפילו געמאַכט געוואָרן פרואוון צו באַשטעטיקן דאָקומענטאַל אייניקע השערות איבער דעם, אָבער ווי נאָר זיי זיינען אויפגעקומען אין שריפט, אַפילו אין נייטראַלע לענדער, אַזוי זיינען זיי גלייך אויף אַ מיסטעריעזן אופן פאַרשוואונדן. ביכער, וואָס האָבן באַהאַנדלט היטלערס יחוס, זיינען פלוצלונג נישט געוואָרן, — אויס־פאַרקויפט און אַרויס פון דרוק! דאָקומענטן און אַרכיוון פון קליינע שטעטלעך זיינען נעלם געוואָרן, און גאַנצע בלעטער זיינען אויסגעריסן געוואָרן פון מעטריקע־ביכער און פּראָטאָקאָלן.

דער שרייבער פון די שורות האָט אָפט באַזוכט עסטרייך. ער האָט פאַרבראַכט פיל זומערן אין באַד־קאַסטיין, אין זאַלצבורג, אין זאַלץ־קאַמער־גוט, נישט ווייט פון דעם אָרט, וואו היטלער איז געבוירן געוואָרן.

איך האָב אָפט באַזוכט דאָס שטעטל ברונאַ און גערעדט מיט מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן, געוואָלט דערגרונטעווען, דערגיין די מיסטעריע פון דעם געבורט פון דער חיה, וואָס הייסט היטלער.

היטלערס שאָטן איז שוין דעמאָלט שווער געלעגן איבער עסטרייך. די

גאַנצע געגנט פון ברונאַ, אַזוי נאָענט צו בייערן, איז שוין געווען אָנגע־שטעקט מיט דער נאַצישער קרענק. אויף די הייזער האָבן זיך באַוויזן סוואַסטיקאַס, וואָס געהיימע הענט האָבן ביינאַכט אָנגעצייכנט. די גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און עסטרייך איז טאַקע געווען אָפּגעשניטן; די בריק איבערן טייך, וואָס פאַרבינדט די צוויי לענדער, איז געווען פאַרמאַכט, אָבער היטלערס אַגענטן זיינען געווען פיל אין דער שטאָט.

די גאַרקיך, וואו היטלער איז געבוירן געוואָרן, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היטלער־מוזיי, און די שטוב, וואו ער האָט דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט, וועלכע ער האָט שפּעטער פאַרפּינצטערט, איז באַהאַנגען געוואָרן מיט פאָטאָגראַפיעס פון זיינע עלטערן און פון אים אַליין אין זיינע שול־יאָרן. די שטוב האָט שוין דעמאָלט, נאָך אונטער עסטרייך, געדינט פאַר אַ פּילגרים־פּלאַץ.

אין די רעסטאָראַנען און אין די האָטעלן האָט מען מורא געהאַט זיין נאָמען צו דערמאָנען, מחמת די שפּיאָנען, מיט וועלכע דאָס אָרט איז געווען אָנגעשטעקט. אַלע האָבן זיך געריכט, אַז יעדן טאָג וועט היטלער אַריינ־מאַרשירן קיין עסטרייך.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אונטער די אומשטענדן איז עס מיר נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען אויסצוגעפינען וועגן היטלערס נישט־לעגיטימען געבורט, וואָס אַלע אויפן אָרט האָבן געוואוסט און מורא געהאַט צו רעדן דערפון. נישט נאָר דער איינציקער איד, וועלכן איך האָב געטראָפן וואוינען אין מאַרק, איז טויט־בלייך דערשראָקן געוואָרן, ווען איך האָב אים געפרעגט וועגן היטלערס יחוס, נאָר אויך די עלטערע קריסטלעכע פרויען, שכנות פון דער גאַרקיך, וועלכע האָבן געקענט היטלערס עלטערן, האָבן מורא געהאַט אַ פּיפּס צו טאָן.

מיט דער הילף פון פערזאָנען, וואָס איך קאָן, פאַרשטייט זיך, נאָך נישט דערמאָנען זייערע נעמען, איז מיר סוף־כל־סוף דאָך געלונגען צו געווינען דעם צוטרוי פון אייניקע מענטשן פון עלטערן דור, שכנים פון היטלערס עלטערן. זיי האָבן זיך פאַר מיר פאַרטרויט.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן די לעגענדעס, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן וועגן היטלערן אין דעם דאָזיקן באַשיידענעם שטעטל צווישן די מענטשן, וואָס האָבן אַזוי גוט געקענט זיינע עלטערן און האָבן צוגעזען ווי אַזוי ער איז אויסגעוואַקסן. קיינער איז, נאַטירלעך, נישט אין דער לאַגע צו נעמען אויף זיך די אחריות פאַרן אמת פון די מיסטעריעזע געשיכטעס, אַ געמיש

פון פאַנטאַזיע און וואָר, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער פאָרשטעלונג פון היטלערס לאַנדסלייט. יעדער איינער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז די פּער־זאָנען, וואָס עס וועט דאָ וועגן זיי דערציילט ווערן, האָבן עקזיסטירט, און די זאַכן, וואָס וועלן דאָ געשילדערט ווערן, זיינען באמת פאָרגעקומען.

פון די געשיכטעס, וואָס מען האָט מיר דערציילט, די אמתדיקע און די לעגענדאַרע, וואָס עס שטייגט אויף פון זיי היטלערס סאַמע כאַראַקטעריס־טישע און סאַמע מאָנסטערדיקע פיגור, פון דעם נעפלדיקן רויך פון זיין פאַרגאַנגענהייט האָב איך געשאַפן אָט די דערציילונג.

ערשטער קאַפּיטל

# היטלערס פּאָטער

ברונאָ, דאָס שטעטל פון היטלערס געבוירן, ליגט צופוסנס פון זאַלץ־קאַמער־גוט, אין אַ טאָל, וואו עס שניידט זיך אַדורך דער לעבעדיקער טייך אין. דער צווייטער ברעג טייך, אויף דער בייערישער זייט, איז אַ העכערער, — און פון דאָרט הויבן אָן קלעטערן אַרויף די הויכע טיראָלישע בערג. דער ברעג טייך, וואו דאָס שטעטל ליגט, איז נידעריק. דאָס גאַנצע פלאַכלאַנד, וואָס רינגלט אַרום דאָס שטעטל, איז אַדורכגעצויגן מיט אָדערן פון קליינע, טונקעלע, מרה־שחורהדיקע אָזיערעס.

די אָזיערעס ווערן גענוצט פון די איינוואוינער אויף אויפצוציען אין זיי די פיינע לוקסוס־פיש, די פאָרעלן (דער פיש איז פאַררעכנט פאַר אַ זייער דעליקאַטן מאכל און ווערט נאָר סערווירט אין רייכע רעסטאָראַנען). די איינוואוינער ציען זייער חיונה פון אויפציען דעם מין פיש פאַר עקספּאָרט אין די גרעסערע שטעט. דער פיש איז אָבער זייער אַן איידעלער און דאָס אויפציען אים איז פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע מניעות. טייל פישערלייט האַלטן אין זייערע סטאַוון פאָרן פיש, וועלכע לייגן אָפּ זייערע רויגן; אַנדערע קויפן איין קליינע, עטלעכע וואָכן אַלטע פישלעך און ציען זיי אויף אויף ספּעציעלער שפּייז. אָבער סיי די רויגן, סיי די קליינע, שוין אויפגעצויגענע פישלעך האָבן איין גרויסן שונא — און דאָס איז, דער שוואַרצער נאָגל־שלאַנג, ווי זיי רופן אים, וועלכער ליגט אין זיין שליים און וואַרט אויס: ווען די פיש לייגן אָפּ די רויגן, פאַרשלינגט ער זיי; ער פרעסט אויך אויף די פישלעך, ווען זיי זיינען נאָך קליין. אָפטמאָל אַטאַקירט ער אַפילו דאָס פּאָר, פון וועלכן די פאַמיליע איז אַרויסגעקומען. דער גאַנצער קראָפּ פיש גייט אָפּט פאַרלוירן דורך די שלאַנגען־נעסטן, אַפילו דאָס אָריגינעלע פּאָר, וואָס דער פישערמאַן האָט זיך איינגעקויפט פאַר אַ טייערן פּרייז. אַן אַנדערש מאָל איז עס אַ וואָרים, וואָס פאַרניכטעט דעם קראָפּ. די פיש־אויפציער

זוכן פֿאַרשיידענע מיטלען אויף אויסצוראָטן די שלאַנגען. זיי שאַפֿן זיך איין אויסטערלישע גרינע זשאַבעס, וואָס קומען פֿון אַ באַרימטן סטאַוו אין בורגענלאַנד, אין אונגאַרן: די זשאַבעס עסן די שלאַנגען און שיינען די פֿישלעך. די פֿישערלייט זיינען זייער אָבערגלויביק. זיי גלויבן אין עין־הרעס, אין אָפּשפּרעכענישן, און זיי זוכן שוץ קעגן די שלאַנגען ביי ראַצן־און מייז־אויסראָטער, גיפֿט־מישער, כישוף־מאַכער, וועלכע גייען איבערן לאַנד און פֿאַרקויפֿן זייערע כישוף־מיטלען צו די פֿיל־געפּרוּווטע אָבער־גלויביקע פֿישערלייט.

אין דעם שטעטל ברונאַ האָט זיך באַזעצט אַזאַ שלאַנגען־אויסראָטער, אַ מאַן, וואָס האָט געטראָגן אַ בעמישן נאָמען. געזאָגט האָט ער, אַז ער קומט פֿון בורגענלאַנד, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו אונגאַרן. אין בורגענלאַנד איז פֿאַראַן אַן אָזיערע, וואָס ליגט אין אַ טיפֿן טאָל און פֿאַרמאָגט (מערק־ווירדיק!) — די זעלבע קלימאַטישע אייגנשאַפֿטן, וואָס דער טייך ניל אין עגיפּטן. אין דער אָזיערע געפֿינט מען פֿיש־חיות, ווערים, זשאַבעס, שלאַנ־גען, יאַשטשערקעס אין די אַלע אָפּשרעקנדיקע פֿאָרמעס און אָפּשטויסנדיקע קאָלירן, ווי אין דעם טייך ניל. אין דער אָזיערע פּלאָדיעט זיך דער אונ־גאַרישער פֿיש פּוגאַש, וועלכער איז באַרימט פֿאַר אַ דעליקאַטעס אין גאַנץ אייראָפּע. אין דער זעלבער אָזיערע זאָל זיך אויך געפֿינען אַ מין זשאַבע אין אַ גרין־שיינענדיקער הויט, וואָס האָט דעם שאַרפֿן מויל פֿון דער ניל־יאַשטשערקע, דעם פֿאָטער פֿון קראָקאָדיל, — אַ זאַשבע, וואָס עסט די שלאַנגען, אָבער שאַנעוועט די פֿיש־רויגן. דער ניי־אָנגעקומענער אין ברונאַ האָט געבראַכט מיט זיך דעם מין זשאַבע פֿון בורגענלאַנד. ער האָט די זשאַבעס אויסגעעבריט אין באַליעס, אין טונען, אין עמערס, אין וועלכע ער האָט געהאַלטן אַ מין שוואַרצן שטאָף, זייער פֿעט און אוילִיק, וואָס קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס עס איז אַזוינס. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די בורגלאַנדישע יאַשטשערקע האָט געהאַט מער פּעולה קעגן די נאָגל־שלאַנגען אין די סטאַוון, ווי די אַלע אָפּשפּרעכענישן און כישוף־מיטלען, וואָס די פֿישערלייט האָבן באַנוצט ביז איצט. דער מאַן איז באַלד באַקאַנט געוואָרן צווישן די פֿישערלייט — און פֿון דער גאַנצער געגנט אַרום האָט מען אָנגעהויבן קומען צו אים זוכן עצות און הילף פֿאַר די פֿאַרשיידענע שטערונגען, וואָס עס האָבן געבראַכט די חיות־ווערים. נישט נאָר האָט ער געכאָוועט אין זייַנע געהיימע קאַמערן און קעלערס זשאַבעס קעגן די שלאַנ־גען, נאָר אויך בלוט־שלאַנגען, ווערים און צענדליקער אַנדערע מינים

באַשעפעניש, וואָס האָבן געפּרעסן פּאַראַזיטן. מיט דער צייט איז דער מאַן אַזוי באַקאַנט געוואָרן פאַר זיין פאַך, אַז מען איז אויך געקומען צו אים זוכן עצות און הילף פאַר פאַרשיידענע נישט־פאַרשטענדלעכע קרענק, ווי רויטע בלוט־פלעקן אָדער קרעץ, וואָס האָבן אויסגעשלאָגן אויפן לייב. און אַזוי האָט ער, אינאיינעם מיט ראַצן־סם, פּאַראַזיטן־אויסראָטער, ניל־שלאַנגען אויך צו טרינקען שלעכט בלוט, אויך פּאַרקויפט געהיימע ליבע־וואַסערלעך אויך צו געווינען אַ גלייכגילטיק האַרץ, מעטאַלענע רינגען קעגן רומאַטיזם, ביז צו אַזאַ מין ביטערן קרייטעכץ, וואָס פאַרטרייבט שוואַנגער־שאַפט, און וואָרצלען, וואָס קאָנען עפענען די טראַכטן פון עקרות אָדער פאַרשליסן די טראַכטן פון צו־גרויסע געווינערינס.

הינטער דער שטאָט, ביי אַ שוואַרצן פויזנדיקן סטאַוו, האָט דער מאַן געהאַט זיין קליין הייזל, אַ שטיבל, אַרומגערינגלט מיט טונקעלע קאַמערן און קעלערס. דאָרט האָט ער געכאָוועט זיינע זשאַבעס, יאַשטשערקעס, די אַלערליי שרצים, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פייכטער ערד, אין בלאָטיקע טונען, אין צעפוילטע זעק, פון וועלכע עס איז אויפגעגאַנגען אַ קלעפּיקער געשטאַנק. קיין וויב, קיין פאַמיליע, אייגער אַליין. מען האָט אים קיינמאָל נישט געזען אין קיין קירך. טייל האָבן געזאָגט, אַז ער איז אַ ציגיינער, אַ געצנדינער; אַנדערע האָבן דערציילט, אַז ער איז אַ קריסט, נאָר ער האָט זיך פאַרשוואוירן צום טייוול, דעם אשמדאי, אַז ער זאָל ווערן אַ שונא פון קרייץ, און דערפאַר האָט עס אים דער טייוול איבערגעגעבן די ממשלה איבער די ווערים.

און דאָך, אין די ווינטער־אָוונטן, פלעג ער אָפט אַריינקומען אין דער ביר־ווירטשאַפט, וואָס איז געווען ביי דעם איינפאָר־הויז אין שטאָט. ער האָט גאָרנישט אויסגעזען אויסטערלישער פון די אַנדערע געסט. ער איז געווען אַ מאַן אין די בעסטע יאָרן, אין די פערציקער, האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון געזונטקייט מיט דעם שטאַרקן, קנאַכענדיקן געביי פון זיין קערפער. ער איז נישט געווען אַפילו מיאוס אָנצוקוקן: אַ שאַרף־ברונעטער, אַ שטאַרקער, שוואַרצער קאָפּ האָר, וואָס האָבן זיך געקרייזלט אין לאָקן, מיט איין לאָק פאַרוואָרפן איבער זיין נידעריקן, שטענדיק שווייסיקן שטערן; אַ פאָר געדיכטע ברעמען האָבן באַשיצט צוויי פייערדיקע אומרואיקע אויגן; די נאָזדרעס פון זיין לענגלעכער, שנאָבלדיקער נאָז זיינען געווען ברייט אָפן און האָבן געצוקט און געבלאָזן אין די דיקע, שוואַרץ־פינקלדיקע, שטענדיק מיט חלב אויסגעשמירטע וואָנצעס. דאָס פּנים, געלבלעך־טונקל,

האָט, כאָטש געשטופּלט, פאַרמאָגט אַ געוויסן ציגײַנעריש־וואַרימען קאָלאָ־ריט. ווען נישט די מרה־שחורהדיקע גרימאַסע, וואָס איז געלעגן, ווי אײַנ־געקיזלט, אין די טיפע שניטן אַרום זײַן מויל און אויגן, וואָלט ער געווען אַ טיפּישער ציגײַנער־כאַראַקטער, וואָס רײַצט אַוואַנטורע־לוסטיקע ווײַבער. די מרה־שחורהדיקע גרימאַסע האָט געמאַכט זײַנע באַקן־פעלדן האַרט, ווי געשניטן פון האָלץ, האָט אַוועקגענומען יעדע מענטשלעכע עלאַסטישקייט פון זײַן פּנים, וואָס איז פאַרבליבן מעכאַניש, אומנאַטירלעך, אַפּשרעקנדיק, ווען אַפילו ער האָט זיך געמיט אַמאָל צו שמייכלען. די מרה־שחורה איז געלעגן אײַנגעגליווערט נישט נאָר אין די שניטן אויף זײַן פּנים, נאָר אין זײַן גאַנצער שטײַפער האַלטונג. די האַלטונג זײַנע איז געווען אַ קאַזאַרמישע, אַ מיליטער־אויסדרעסירטע.

ער איז אַרײַנגעקומען אײַנמאָל מיט ענערגישע טריט אין דער טונקל־באַשאָטנטער „ווירטשאַפט”, האָט געגעבן אַ וואָרף אין דער לופט אַ קורץ־שאַרפן „גרים...”, מיט דעם וואָרט „גאָט” פאַרשלונגען, נישט דערזאָגט, און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל בײַ דער וואַנט. ער האָט זיך געמיט אַרויס־צוברענגען אַ פרײַנטלעכן שמייכל אויף זײַן פּנים, ווען ער האָט זיך געווענדט מיט זײַן באַשטעלונג צו דער מויד־קעלנערין.

ווען די קעלנערין האָט אים צוגעבראַכט אַ קופל ביר, האָט זי אים שוין געפּונען שפּילנדיק זיך בײַ זײַן טיש מיט אַ געל־גרינער זשאַבע, מיט וועלכער ער פלעגט זיך שטענדיק אַרומטראָגן, האַלטנדיק זי אויף זײַן האָריקער ברוסט.

— זעען זי, ליזכען, דאָס פרײַלין האָב איך געבראַכט פון ניי־זידעלער זעע אין בורגלאַנד. איך וועל זי פאָרן מיט אַ זשאַבע פון אַן אַנדער זעע. זעען זי די שאַרפע צײַנדלעך ? — ער האָט פאַרדריקט דער זשאַבעס העלדזל מיט זײַנע שוואַרץ־נעגלדיקע פינגער און געצייגט די זשאַבע אויפצועפענען איר מויל. די קעלנערין ליזכען האָט אַזש אויפגעציטערט און דאָס טינטל מיט שנאַפּס, וואָס זי האָט געטראָגן, ווי אַ פּאָטשטאַליאָן זײַן בריוו־טאַש, איבער אירע שטאַרקע, גרויסע בריסט, האָט גענומען זיך טרייסלען און דער שנאַפּס אַריבערגיסן זיך.

— אַבשוילעך, גרויליג ! — ליזכען האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך אָפּגעטרייסלט.

— ווער, די זשאַבע, אָדער דער זשאַבע־אויסבריער ? — האָט אַ

הייזעריקע, באַזויפענע שטימע אַרויסגערופן פון דעם געדיכטן רויך־וואָלקן, וואָס האָט אָנגעפילט דעם חלל פון דער „ווירטשאַפט“.

— ווער האָט עס געזאָגט ? — האָט דער זשאַבע ־אויסבריער געפרעגט און זיך אויפגעהויבן, גרייט אָנצוהויבן אַ געשלעג.

קיינער האָט אים נישט געענטפערט.

— דאָס איז אַזאַ אָנשטענדיקע באַשעפטיקונג ווי יעדע אַנדערע, — האָט דער מאַן געשריגן. — די גרעסטע הערן קויפן ביי מיר מיין וואַרע. איך בין ליפעראַנט פון זיין הויכקייט דעם פירשט פון ליכטענבערג, וואָס קויפט ביי מיר ווערים פאַר זיין פישפאַנג, — האָט דער מאַן שטאָלץ אויס־גערופן אין דעם וואָלקן רויך אַריין, וואָס האָט זיך געקנוילט פון די פיל פיפקעס און די ביליקע ציגאַרן פון עסטרייכישער פאַבריקאַציע.

— יאָ, אַ באַשעפטיקונג פאַר אַ ציגיינער ! — האָט זיך ווידער געהערט אַ שטימע.

— ווער האָט דאָס געוואָגט ? — האָט דער מאַן געהאַלטן אין איין רופן.
— איך פאָדער אויף דעם, וואָס האָט דאָס געזאָגט, ער זאָל אַרויסקומען און זיך פאַרמעסטן מיט מיר.

ווידער קיין ענטפער נישט.

— איך בין נישט קיין ציגיינער, איך בין בעמע און עסטרייכישער קאָרפּאָראַל ! — האָט דער מאַן זיך געשלאָגן אין דער ברוסט.

— נישט עסטרייכישער, נאָר בעמישער קאָרפּאָראַל ! — האָט ווער ווידער אויסגערופן פון געדיכטן רויך אַרויס.

— כאַ־כאַ־כאַ ! בעמישער קאָרפּאָראַל ! — האָט אויסגעבראָכן אַ כאָר פון געלעכטער.

(בעמען האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין מיליטער.)

— איך פאָדער אויף דעם, וואָס האָט דאָס געוואַגט צו זאָגן, מיליטער־מאַן אָדער פריי־מאַן ! — האָט דער מאַן געהאַלטן אין איין שרייען מיט זיין כאָרכלדיקער שטימע. — איך בין קייזער־קעניגלעכער קאָרפּאָראַל !

— בעמישער קאָרפּאָראַל ! — האָבן שטימען פון דער רויך־געדיכטעניש אים אַנטקעגנגערופן אין כאָר.

— איך בין קיין יודע, איך האָבע ערע ! — האָט דער מאַן ווייטער גע־שריגן און זיך געלאָזט גיין צו דער וואַנט פון רויך.

— נו, נו, אַן סקאַנדאַלן ! אין מיין ווירטשהויז גיבט עס קיין געשלעגע,

דער פּאָליצײ־אינספּעקטאָר איז מײַן גאַסט. — דער הויזווירט האָט געגעבן דעם מאַן אין דער האַנט אַרײַן זײַן הוט און אים געהײסן גײן.

— בעמישער קאַרפּאַראַל! — האָט אים דער כאָר שטימען אַרויס־באַגלײט.

פֿון דעמאָלט אָן האָט מען דעם זשאַבע־אויסבריער גערופֿן אין שטעטל „בעמישער קאַרפּאַראַל״.

אין אַ ווינקל פֿון דער „ווירטשאַפֿט״ זיצט דער קײזער־קעניגלעכער צאָל־באַאַמטער, שיקעלגרובער, וואָס וויל זיך רופֿן אויף זײַן מוטערס נאָמען, היטלער, נאָר דער נאָמען נעמט זיך נישט אָן. ער זופּט מיט גאַנץ קלײנע זיפּעלעך דעם „שפּריץ״ (אַ גלאָז וואַסער מיט אַ ביסל יונגן ווײַן), וואָס שטײט פֿאַר אים, און רויכערט בנעימותדיק זײַן פֿאַרצעלײענע ליולקע מיטן געקריצטן ציבעק, וואָס דאָס איז זײַן געוואוינהײט פֿון אַלע יאָרן צו טאָן פֿון אַכט ביז גײן אַזײגער אין אָוונט, פֿאַרן שלאָפֿן־גײן. דער גערודער, וואָס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן אין ווירטהויז איבער דעם „בעמישן קאַרפּאַראַל״, האָט אים גענייט אָפּצוקירצן זײַן ווײַלן אין ווירטהויז אויף צען מינוט, ווײַל דער קײזער־קעניגלעכער אונטער־באַאַמטער שיקעלגרובער איז זײער אויס־געהיט מיט זײַן אַמט. ער שאַצט זײַן „פּריווילעגירטע שטעלונג״ פֿון קײזער־קעניגלעכן באַאַמטן מער פֿון זײַן לעבן און זײַן גאָט. מחמת דעם היט זיך שיקערגרובער אויס פֿון יעדן גערודער אָדער סקאַנדאַל. ביי דער מינדסטער אומאָרדענונג פֿאַרשווינדט ער. דאָס פֿאַרקירצן אויף צען מינוט זײַן ווירט־הויז־וויזיט האָט אַרײַנגעבראַכט אַ צעטומלעניש אין שיקעלגרובערס געמיט: וואָרים דעם אונטער־באַאַמטן שיקעלגרובערס צײַט איז אַזוי פּעדאַנטיש אויסגערעכנט און צעשניטן און צעטײלט אויף שעה׳ן און מינוטן, אַקוראַט ווי זײַן מאָגערער בודזשעט, וואָס זײַן קאַרגער געהאַלט פֿון 150 קראָנען אַ חודש דערלויבט אים, איז אויסגעטײלט און צעשניטן אויף פֿאַרשײדענע באַדערפֿענישן, ביז צו די קלײנע הוצאות אויף דעם „שפּריץ״ און טאַבאַק פֿאַר זײַן ליולקע. דער קאַרגער געהאַלט מוז נישט נאָר דערפֿילן אַלע קלײנע מענטשלעכע נויטן פֿון זײַן טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס זײַן ווײַב און זײַן טאָכטער פֿון אַ פֿריערדיקער הײראַט העלפֿן אים, אגב, מיט, נאָר אויך נערן אַ געהײמע לײדנשאַפֿט, וואָס דער קלײנער באַאַמטער טראָגט אין זײַן מאָגערער ברוסט, אַ חלום, וואָס באַלײכט און באַשײַנט שיקעלגרובערס אָרעם לעבן. דער חלום זײַנער איז, אַז אַמאָל, אַמאָל, ווען ער וועט אַרויס פֿון דינסט אויף פּענסיע, וועט ער האָבן אָפּגעשפּאָרט גענוג געלט אויף

צו קויפן אַ קליין הייזל, אַ הייזל פאַר זיך אַליין. צו זיין דער אייגנטימער פון אַן אייגענער נחלה איז שיקעלגרובערס העכסטע אַמביציע און גרעסטע דערגרייכונג, וואָס אַ קייזער־קעניגלעכער באַאַמטער קאָן נאָר צו דעם דער־גיין; צו זיין אַן אייגנטימער פון אַ קליינער נחלה, וואָס זאָל טראָגן זיין נאָמען און וואָס מען זאָל קאָנען דערפון מיטטיילן אַפילו די שפּעטערדיקע דורות דורך דעם, וואָס מען וועט צום אייגענעם נאָמען קאָנען צושרייבן אויף דער מצבה דעם טיטל „באַזיצער פון אַ הויז“, איז די זיסע אילוזיע, וואָס שיקעלגרובער טראַכט דערפון דורך די לאַנגע טעג, וואָס ער זיצט אַן אַ שטאָך אַרבעט אין זיין צאָל־הייזל ביי דער בריק פון טייך אין, — און מיט דעם חלום לייגט ער זיך אויף ביינאַכט אין בעט אַריין, לעבן זיין ביינערדיקער ווייב, מיט וועלכער ער, אַ צווייטמאָליקער אלמן, האָט ערשט נישט לאַנג חתונה־געהאַט.

צום זיסטן איז דער חלום פון אַן אייגענעם הייזל, אין דער שעה אין ווירטהויז, בשעת ער זיצט ביי זיין שפּריץ און רויכערט זיין ליולקע. די גאַנצע שעה, וואָס ער זיצט ביי זיין הויכער גלאָז וואַסער מיט ווין, רעדט ער מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויס. ער פאַרכמורעט זיינע אָנברעמיקע, רויט־פאַרלאָזענע אויגן, בשעת ער פאַרגינט זיך צו געבן אַ טיפערן צי פון זיין ליולקע. אַ נישט־נאַטירלעכע רויטקייט שיינט קרענקלעך איבער זיינע אויסגעדאַרטע, איינגעשרומפּענע, אַשיק־גרויע באַקן. די ווייס־געל־ביקע וואָנצעס זיינען אין מיטן, וואו ער האַלט די ליולקע, אויסגעפּוילט פון רויך און טאַבאַק און דעקן אויף די יאַסלעס מיט אַ פּאָר שוואַרצע, האַלב־אויסגעריבענע ציין. די אַלטע, מיט אָנגעשוואָלענע, בלויע אָדערן אַדורכגעצויגענע הענט, האַלדזן אַרום די גלאָז מיטן שפּריץ. דעמאָלט דער־זעט שיקעלגרובער די פּאָר האַרטע זילבערנע גילדן, וואָס ער טיילט אָפּ יעדן ערשטן פון זיין געהאַלט, און ברענגט זיי אין דער שפּאַר־קאַסע אין פּאַסט. ער זעט דאָס שפּאַר־ביכל, וואָס ער טראָגט אין אַ זעקעלע שטענדיק אויף זיין האַרץ, מיט דער אונטערגעצויגענער שורה פון דער סומע. ער זעט מער: ער זעט דאָס קליינע הילצערנע הייזל מיט דעם ברייטן, לאַנגן טיראָלער באַלקאָן; ער זעט די שווערע שטיינער, וואָס ליגן אויפן דאַך, דאָס וואַסערפאַלכל, וואָס גיסט זיך אונטער זיין הייזל, דאָס קאַנאַלכל, וואָס ער האָט אַליין געגראָבן פון דעם וואַסערפאַל אין זיין אָזערע אַריין, וואו עס כאָוועז זיך די טראַם־פישלעך, פון וועלכע ער וועט אין די זומער־חדשים אָפּשאַרן אַ גראָשן, צושטייער צו זיין קאַרגער פּענסיע; ער זעט דעם טיפן

וואַלד, וואָס ליגט הינטער זיין הויז, פון וועלכן ער ברענגט געהילץ אַרויס אין האַרבסט צו פאַרגרייטן זיך אויפן ווינטער. אָ, פיל, פיל אַנגענעמע זאַכן זעט דער קייזער־קעניגלעכער אונטער־באַאַמטער פון צאָל־אַמט, ווען ער זיצט אין דער „ווירטשאַפט־שטובע״ ביי זיין שפּריץ און רויכערט זיין ליולקע פאַרן שלאָפן־גיין.

ווען ער טראַכט וועגן די פישלעך, וואָס וועלן אַרומשווימען אין זיין שוואַרצן סטאַוו, ווערן זיינע זיסע געדאַנקען אַ ביסל צעפּלאָנטערט, אומ־רואיק, וואָרים זיי ברענגען אים אַריין אין אַ שייכות מיט דעם זשאַבע־אויסבריער, וואָס זיצט דאָרט ביים צווייטן טיש. מאָדנע קלאַנגען גייען אַרום איבער אים. אָבער דער זשאַבע־אויסבריער צעשטערט דעם קליינעם באַ־אַמטנס זיסע מחשבות צוליב אַ גאַנץ אַנדערן ענין, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט זשאַבעס. ער האָט יאָ און האָט נישט קיין חשד אויף אים. דער ענין האָט עפּעס צו טאָן מיט שיקעלגרובערס ווייב „פּלעצעל״, וועלכע דינט טאַקע דאָ, אין איינפאָר־הויז. ניין, ער האָט נישט קיין חשד אויף אים, נאָר ער ווערט שטענדיק אומרואיק, ווען ער דערזעט דעם זשאַבע־אויסבריער. איז עס מחמת דעם וואָרט, וואָס פּלעצל האָט אַנומלט געלאָזט פאַלן, ווען מען האָט גערעדט וועגן דעם מאָדנעם זשאַבע־אויפּציער, אַז „זיין זון וועט אַמאָל זיין קייזער פון דייטשן רייך״? ער ווייס, אַז נישט נאָר זיין פּלעצל אַליין גלויבט אין דער נאַרישקייט; אויך די אַנדערע ווייבער אַרום איינפאָר־הויז רעדן דערפון. זיי דערציילן וועגן אַן אַלטער כישוף־מאַכערין, מיט וועלכער דער זשאַבע־אויסבריער האָט זיך פאַרבונדן; פון דער כישוף־מאַכערין האָט ער עס געירשנט די כישוף־סודות, וואָס זי האָט זיי אים איינ־געשאָצט אין בדן. זיין זון, — אַזוי דערציילן די ווייבער, — וועט ווערן קייזער פון דייטשן רייך, ווען ער וועט נאָר געפינען דאָס ריכטיקע ווייב צו געבערן אים דעם זון. דאָס האָט זיי אַוודאי דער כישוף־מאַכער איינ־גערעדט. יאָ, מען זאָגט, אַז ער איז אַ ווייבער־יעגער. מען וואָלט אים באַ־דאַרפט פון שטאָט פאַרטרייבן, ווען ער וואָלט נישט מיט זיין פאַך געווען נוציק פאַר די פיש־אויפּציער.

אַזוי קלערט דער קייזער־קעניגלעכער באַאַמטער. ער פאַרטרייבט אָבער באַלד פון זיך יעדע זאָרג. ער האָט נישט ליב געשטערט צו ווערן, ווען ער חלומט פון זיין הייזל, פון זיין געיעג אויף העזלעך, אויף הירשן אַפילו, אין אַ פרימאָרגן, אין דעם האַרבסט־קאַלטן, רויטן וואַלד. ער ווייס, אמת, אַז קיין גרויסער יעגער איז ער נישט, נאָר דאָס געיעג גייט אַזוי

גוט מיטן הייזל אין וואַלד. ער האָט נישט ליב געשטערט צו ווערן פון וואָס פאַרא געדאַנקען עס זאָל נישט זיין. ער האָט ליב זיין עסן, זיין בעט, זיין אָמט, זיין רו, — און האָט פיינט געשטערט צו ווערן. מחמת דעם פאַר־טרייבט ער פון זיך, דער קייזער־קעניגלעכער באַאַמטער, יעדע מחשבה וועגן דעם זשאַבע־אויסבריער און גיט זיך איבער אינגאַנצן צו זיינע זיסע געדאַנקען וועגן זיין צוקונפטיקן לעבן, ווען ער וועט זיין אויף פענסיע.

אָבער דער גערודער, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין ווירטהויז, ווען דער זשאַבע־אויסבריער האָט אַרויסגענומען די זשאַבע פון זיין בוזעם, האָט אויף אַמאָל פאַריאָגט שיקעלגרובערס זיסע מחשבות. „דאָרט, וואו עס איז אַ גערודער, דאָרט בין איך נישטאָ״, — זאָגט דער באַאַמטער פאַר זיך, — „דאָס פּאַסט נישט פאַר מיין אַמטלעכער שטעלע.״ — און ער הויבט זיך ענערגיש אויף פון זיין אָרט, וואַרפט דעם גרייצער פאַרן שפּריץ אויפן טיש און פאַרשווינדט.

מעכאַניש, לויט געוואוינהייט ביים איבערגיין פון רו צו באַוועגונג, נעמט דער באַאַמטער אַרויס זיין גרויסן, שווערן זייגער פון אונטער זיין גרינעם ראָק, וואו ער הענגט איבער זיין וועסט אויף דער גרויסער, שווערער זילבערנער קייט; עס פעלט צען מינוט צו דער שעה, צען מינוט איז אַ לאַנגע צייט, ווען אַ מענטשנס לעבן איז רעגולירט צו דער מינוט. די איבעריקע צען מינוט ברענגען אַריין צעשטערונג אין שיקעלגרובערס גע־מיט, וואָס ער האָט עס אַזוי פיינט, ווי אַן עקסטראַ־הוצאה אין פאַל פון אַ קראַנקהייט, למשל, וואָס צעשטערט דאָס גלייכגעוויכט אין זיין בודזשעט. און אַזוי, אַרויסגעשלאָגן פון זיין רואיקייט, גייט ער אַרויס פון ווירטהויז און לאָזט זיך אין איינפאָר־הויז אַריין, טראַכטנדיק דעם אומאַנגענעמען געדאַנק, אַז פּלעצל וועט נאָך מסתמא נישט פאַרטיק זיין מיטן הייסן וואַסער, וואָס זי גרייט אָן פאַר אים אויף אויסצואוויקן זיינע פיס פאַרן שלאָפן־גיין.

ער האָט נישט ווייט צו גיין. ער וואוינט טאַקע אין דעם איינפאָר־הויז, וואָס די „ווירטשאַפט״ געהער צו דעם.

## צווייטער קאַפּיטל

# היטלערס מוטער

געבוירן בײַ אומוויסנדיקע פּויערים אין די הויכע בערג, האָט פּלעצל געהאַט אַ שווערן מזל פון איר פריסטער קינדהייט אָן. די פאַמיליע איז געווען דעם גרעסטן טייל יאָר אָפּגעריסן פון דער וועלט און האָט געלעבט אויפן פּרימיטיווסטן שטייגער פון דעם, וואָס די נאַטור האָט אָפּגעוואָרפן אין שטוב־חיות און אין געיעג אויף פעלד־חיות. די איינציקע פרייד, וואָס בלייבט איבער דער אָרעמקייט, איז אָנצופלאָדיען קינדער. פּלעצלס עלטערן זיינען ניט אָפּגעשטאַנען פון דעם כלל: פאַרשאָטן די מערסטע צייט פון יאָר אין שניי, האָבן זיי אָפּגעוואָרפן קינדער, וועלכע האָבן זיך לאַנג ניט געהאַלטן. נאָר קוים האָט אַ קינד דורכגעריסן זיך דורך די פאַרשיידענע קראַנקהייטן, וואָס אָרעמקייט, הונגער, קעלט און פינצטערניש האָבן אָנגעוואָרפן אויף דעם, איז עס געוואָרן געראַטעוועט און האָט שוין אַלץ געקאָנט אַריבערטראָגן. אַזאַ קינד פון די בערג איז געווען פּלעצל. פון איר פריסטער יוגנט האָט זי געמוזט אַרבעטן אויף איר חיונה. זי האָט אָנגעהויבן צוערשט מיט העלפן איר מוטער: האָט אַרומגעטראָגן די אַנדערע קינדער, האָט געטאָן אַרבעט אין שטאַל, אין קאַמער, געמאָלקן די קי, אויסגעשלאָגן פּוטער, גערייניקט די בהמות, געטריבן זיי אין די בערג און געבראַכט זיי צוריק אַהיים, האָט געשניטן און געזאַמלט היי אין זומער, געהאַקט ווינטער־צייט האָלץ, אייז און שניי. שפּעטער האָט זי געשלעפּט פּעק און רוק־זעק איבער די בערג. ווי אַן אייזל אין שפּאַן, האָט פּלעצל געשלעפּט די שווערע רוק־זעק, באַלאָדענע מיט מילך־פּראָדוקטן, פון די בערג אין אָרט אַריין — און געשלעפּט צוריק פּראָוויאַנטן. מען קאָן זאָגן, זי האָט איר קינדהייט און פריערע יוגנט פאַרבראַכט, ווי אַן אייזל, אין וועג — פון די בערג אין אָרט און צוריק.

אָבער ווי אַ שטרעמל, וואָס גיסט זיך איבער די בערג, פאַלט אין אָפּגרונטן, צעשלאָגט זיך איבער טויזנטער שטיינער און דערגרייכט דאָך דעם טייך אין טאָל, אַזוי האָט אויך פּלעצל דורכגעאַרבעט זיך דורך די אַלע שנייען, זאַווערוכעס, קרענק, דורך דעם הונגער און דער פינצטערניש פון איר יוגנט. קיין גאָט, קיין שול, קיין היים. די רויע, שפּיציקע ווענט פון די קיזל־בערג זיינען געווען די ווענט פון איר שולע; די פליצנדיקע באַרג־

שטראָמען — אירע חברטאָרינס. אַזוי ביז זי און אירע געבליבענע שוועס־טער און ברידער זיינען געוואָרן יתומים אָן טאַטע־מאַמע.

די שטאָטישע משפחה האָט זיך צעטיילט מיט די יתומים ווי מיט אַ ירושה פון שקלאַפן. פלעצל איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ וויטן פעטער אין ברונאַ. דער פעטער האָט זי אַריינגעגעבן אין דער קיך פון ווירטהויז — און דאָרט איז זי שוין פאַרבליבן, אַ שקלאַפין פון דער גרויסער קיך, פון גאָרקיך, איר רעשט יוגנט.

זי וואָלט אפשר שטעקן געבליבן אין דער ווירטשאַפט־קיך אויף איר רעשט לעבן, שיילנדיק קאַרטאָפליעס, בריענדיק חזירים, רויכערנדיק קיש־קעס און סאָסיקלעך — פון איר אַליין האָט שטענדיק געפּאַרעט מיט רויך און דאַמף, אַזוי ווי פון די חזירים־לייבער, אַרום וועלכע זי האָט זיך באַ־שעפטיקט, — ווען עס וואָלט זיך איר ניט געמאַכט דאָס גליק פאַרקנסט צו ווערן פאַר דעם קייזער־קעניגלעכן צאָל־באַאַמטן.

דער אַלטער צאָל־באַאַמטער שיקעלגרובער האָט שוין געהאַט לאַנג געוואָרפן אויף איר אַן אויג, נאָך אין יענע טעג, ווען זיין צווייט ווייב האָט געשפּיגן אין סוכאָטע מיט בלוט, געדושעט מיט איר הוסט אין איינער פון די שטוב־לעכער פון ווירטהויז „צום שוואַרצן ריטער״, וואו דער צאָל־באַאַמטער האָט דעמאָלט געוואוינט. מיט זיין עגאָאיסטישער נאָז, וואָס איז אַזוי שאַרף אויף צו דערשמעקן זאַכן, וואָס מען קאָן פון זיי האָבן עפּעס אַ נוצן, האָט דער צאָל־באַאַמטער דערשמעקט אין פלעצל — דעם שקלאַף פאַר זיינע אַלטע יאָרן. פלעצל וועט זיין אַ געהאָרכיק ווייב, וועט גאָר־נישט פאַרלאַנגען פאַר זיך, וועט גאָרנישט באַדאַרפן; זי וועט נאָר לעבן, אַרבעטן, אָטעמען פאַר איר מאַן, דעם קייזער־קעניגלעכן צאָל־באַאַמטן, אין אייביקער דאַנקבאַרקייט, וואָס ער האָט זי געמאַכט פאַר זיין ווייב. ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט נעמען אַן אייגענע וואוינונג און אויסמעבלירן אַ שלאָפצימער מיט נייעם מעבל. פלעצל, וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט איר אייגנס אַ פאַדים, האָט געזען אין דעם צאָל־באַאַמטן איר ישועה. דער צאָל־באַאַמטער האָט אָבער קיינמאָל ניט געהאַט בדעה צו האַלטן וואָרט. ער האָט נאָר געוואָלט אָוועקשנאַפּן פון דעם „שוואַרצן ריטער״ דעם שקלאַף פאַר זיך. ער האָט ניט מער ווי איינגעשאַפט זיך עטלעכע טעפּ און טעלער און אַנדערע קיך־מכשירים, וואָס ער האָט זיי באַדאַרפט האָבן פון זיין באַקוועמקייט וועגן, — און פלעצל האָט ער ווייטער געהאַלטן אין דער ווירטשאַפט־קיך. דער איינער חילוק פאַר איר איז געווען, וואָס איצט האָט

דער צאָל־באַאַמטער געהאַט נוצן פון איר שקלאַפעריי, ניט דער פעטער. דער קייזער־קעניגלעכער צאָל־באַאַמטער האָט זי איצט פאַרקויפט לעגאַל אין דעם ווירטהויז פאַר אַ דירה מיט מעבל, אַ שטוב מיט אַ קיך, וואָס ער האָט דאָס באַקומען פון ווירטהויז בחינם. פאַר פלעצלען האָט ער געהאַט דעם תירוץ, אַז אַ צאָל־באַאַמטער ווייס קיינמאָל ניט ווען ער וועט באַדאַרפן ענדערן דעם מקום, איז עס, בכן, גלייכער צו בלייבן וואוינען אין ווירטהויז.

ער האָט אין דער וואוינונג אַריינגענומען אַן עלטערע טאָכטער, וואָס ער האָט געהאַט פון אַ פריערדיקער ווייב, האָט אָפּגענומען דירה־געלט פון איר פאַר דער דירה, וואָס פלעצל האָט געצאָלט פאַר דעם מיט איר פראַצע.

עס האָט ניט געהערשט קיין שלום־בית צווישן פלעצל און איר שטיף־טאָכטער, אַזוי אויך ניט צווישן דעם פאָר־פאָלק. פלעצל האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם צאָל־באַאַמטן, וואָס ער האָט געבראָכן זיין וואָרט וועגן אַן אייגענער וואוינונג.

ווען שיקעלגרובער איז אַריינגעקומען אין דער קיך פון זיין שטוב, האָט ער שוין געפונען פלעצל גרייט מיטן הייסן וואַסער אויף אויסצו־ווייקן זיינע פיס. פלעצל האָט קיינמאָל נישט פאַרשפעטיקט, איז קיינמאָל ניט פאַרכאַפּט געוואָרן, אַ ניט־צוגעגרייטע, פון פלוצלונגדיקע געשעענישן. מיט איר צוגעוואוינטער, פאַרביסענער פאַרשוויגנקייט, האָט זי אַריינגעגאָסן דאָס הייסע וואַסער פון קעסל, וואָס האָט זיך געקאָכט אויפן אויוון אין איר קיך, אין אַ הילצערן שעפל אַריין. אָן אַ וואָרט פאַר איר מאַן מכוח זיין קומען אַזוי פרי אַהיים, האָט זי דאָס שעפעלע וואַסער אַוועקגעשטעלט פאַר דער שטול ביי זייער געמאָלטן, הויך מיט בעטגעוואַנט אָנגעלייגטן בעט, איבער וועלכן עס זיינען געהאַנגען די הייליקע בילדער.

— נו, הייגט וועט עס פריער זיין, — זאָגט דער אַלטער און נעמט ווידער מעכאַניש אַרויס דעם זייגער פון קעשענע, — מיט צען מינוט פריער. גיי, פלעצל, מאַך עס געשווינד, וואַרים־אויס דאָס בעט, — ווייזט ער אָן מיט דער האַנט אויפן בעט. — דאָס איז געווען איר עובדה יעדן אָוונט אויס־צוּוואַרעמען מיט איר קערפּער דאָס בעט, איידער דער אַלטער לייגט זיך אַהין אַריין.

— איך מוז נאָך אַרונטערגיין אין קיך, העלפן די קישקעס אָנפילן פון דער נעכטיקער שעכטונג, — זאָגט זי, ניט אויפצוהויבן די אויגן אופן מאַן, און לאָזט אַרונטער די אַרבל פון איר טונקעלן קלייד אָן קאָליר איבער אירע לאַנגע שטעקלדיקע אָרעמס.

— יאָ, פֿאַרגעסן, חזירים געשאָכטן... יעדן מאָל האָבן זיי עפּעס אַנדערש צו האַלטן דיך שפּעט.

זי האָט געוואוסט, וועמעס שולד דאָס איז, און פֿאַרשוויגן. נאָר איבער אירע צוגעפּרעסטע ליפּן האָט אַ האַרטער קנייטש זיך געגעבן אַ שנייד טיף אַריין אין דער הויט, וואו די גאַנצע ביטערקייט פֿון איר בידנע מזל איז געלעגן אויסגעגאָסן; און אין אירע קאַלטע ווי פֿון צעגאָסענעם מעטאַל שוואַרצע אויגן האָט אַ פֿינקל געגעבן, ווי דער פֿינקל פֿון אַ חיהשן אויג, ווען עס שליפֿעט אויף אַ פֿיינט, מיטן כעס פֿון איר אָפּגעגנאַרטער האָפֿענונג.

— אַלץ איז דער זשאַבע־מאַן שולדיק, — זאָגט דער אַלטער, אַראָפּ־שלעפּנדיק די שווערע שיך פֿון זיינע פֿיס. ער האָט אַרונטערגעצויגן די האַנט־געשטריקטע דיקע זאָקן און אַריינגעשטעקט מיט קאָנטענטער פֿאַר־זיכטיקייט די צעקראַכענע פֿיס אָן פֿאַרם אין דעם שעפֿל הייס וואַסער. — אַלץ איז דער זשאַבע־מאַן שולדיק. שיער אַ סקאַנדאַל ניט געוועזן צוליב אים. וואָגט אין ווירטהויז צו קומען מיט זיין סחורה.

— אַ סחורה ווי יעדער אַנדערע. שטעלט צו זיין סחורה אין גרויסע הויפֿן, ליפּעראַנט פֿון זיין הויכקייט דער פֿירשט פֿון ליכטענבערג, — האָט פֿלעצל געזאָגט, בשעת זי האָט איבערגעביטן איר פֿאַרטוך אויף אַ פֿריש־געוואַשענעם.

„זיינע ווערטער", — האָט דער צאָל־באַאַמטער געטראַכט פֿאַר זיך. — עס איז ביי אים מער קיין ספק ניט געוועזן פֿון וועמען זיין ווייב האָט זיי געהערט.

— דו, פֿלעצל, קום נאָר אַהער, — האָט דער צאָל־באַאַמטער זי צו־גערופֿן מיט אַ פֿינגער, בשעת ער איז געווען אַרעטירט מיט זיינע פֿיס אין דעם ווייק־שעפֿל.

זי האָט געוואוסט נאָך וואָס ער רופֿט זי, דאָך איז זי צוגעקומען צו אים. ווי אויף צו־להכעיס אים און זיך, האָט זי זיך געשטעלט גלייך פֿאַר אים און אים דורכגענומען מיט אירע געשליפֿענע אויגן, פֿון וועלכע פֿייער־פֿונקען האָבן איצט געשאָסן.

דער צאָל־באַאַמטער האָט זיך איינגעקנאָטן מיט זיינע פֿינגער אין איר ביינערדיק לייב און מיטן גאַנצן כח אַ קנייפּ געגעבן:

— דו, פֿלעצל, דאָס האָסטו פֿון אים געהערט!

קיין גרימאַסע פֿון צער, קיין אַרויסווייז פֿון ווייטיק, נאָר מיט אויגן,

וואָס האָבן אַרויסגעפינקלט פון אַ קאַלט־פאַרשטיינערט פּנים אַרויס, האָט זי געזאָגט:

— נו, און אַז יאָ, וואָס קאָן מיר שוין געשען?

— דאָס קאָן געפערלעך ווערן, — האָט דער אַלטער איר געסטראַשעט מיט אַ פינגער.

— פון מיינעט וועגן . . .

— איך פאַרווער דיר מיט דעם מאַן צו רעדן!

— קאָנסט עס מיר ניט פאַרווערן. אַז דו ביסט מיר ניט קיין מאַן, קאָנסטו מיר גאָרנישט פאַרווערן.

— דו, פּלעצל, אַזוי רעדסטו צו אַ קייזער־קעניגלעכן באַאַמטן, דו, לאָדער? — און ער האָט ווידער מיט זיינע פינגער זיך איינגעקנאָטן אין איר ביינערדיקן לייב אַריין.

זי האָט זיך ניט געווערט, נאָר מיט אַ ביטולדיקן שמייכל, אין וועלכן די גרימאַסע פון צער אַרום אירע דינע ליפּן האָט זיך אויפגעלייזט, האָט זי אים געקוקט אין די אויגן אַריין:

— ווען מען איז נאָר אַ קייזער־קעניגלעכער באַאַמטער און ניט קיין מאַן, גייט מען ניט מיט יונג בלוט אין בעט אַריין, — האָט זי געזאָגט מיט אַ פאַרשטיינערט־טייוולשן לאַכן.

— דו, דו, דו! איך וועל עס דערציילן דיין פעטער. די גאַנצע שטאָט וועט עס הערן . . . אַז דו . . .

— דו וועסט עס ניט וואַגן, דו קייזער־קעניגלעכער צאַל־באַאַמטער!

ער האָט געוואוסט, אַז זי האָט רעכט, און אין זיין מאַכטלאָזיקייט האָט ער זיך געשטאַרקט, האָט אָנגעכאַפּט פּלעצל מיט זיינע קנאָכעדיקע הענט און זי געניט אין בעט אַריין:

— אין בעט אַריין, דו לאָדער איינער, מיינע פיס וואַרעמען! — האָט ער געשריען אויפן קול.

— איך האָב עפּעס בעסערס צו טאָן. איך מוז אַרונטערגיין צום פעטער שטאָפן קישקעס, — האָט זי געזאָגט, אַרויסרייסנדיק זיך פון זיינע הענט און אים אַזאַ שטויס געגעבן, אַז דאָס וואַסער פון שעפל האָט זיך אויס־געגאָסן מיט אַ פּליושק.

— יעזוס מאַריע, וואָס טוט זיך דאָ? — האָט זיך דערהערט אַ שטימע פון דער טיר פון דער צווייטער שטוב, וואָס האָט זיך פּלוצלונג אויפ־געעפנט. אין דער טיר איז אַ יונג פרוי געבליבן שטיין אין איר נאַכט־

העמד און צוגעקוקט ווי דער אַלטער דרעפּטשעט מיט זיינע נאַקעטע פּיס איבער דער פאַרפלייצטער פּאַדלאָגע.

דער צאַל־באַאַמטער האָט אויסגעלאָזן זיין אַנמעכטיקן כעס אויף זיין טאַכטער:

— דו, לאַדער, דו! וואָס קומסטו שטערן דיין פאָטער, ווען ער איז אינטים מיט זיין פרוי!

— אינטים מיט זיין פרוי! — האָט זיך געהערט אַ געלעכטער דורך דער טיר, וואָס האָט זיך שוין געהאַט צוגעמאַכט.

— מאָרגן מוזטו די וואוינונג פאַרלאָזן! האָסט געהערט? — האָט דער אַלטער געדופן ניט צו זיין פרוי, נאָר צו זיין טאָכטער דורך דער פאַר־מאַכטער טיר.

פּלעצל האָט דערווייל געכאַפּט אַ טוך אויף איר קאָפּ און איז אַרויס פון דער שטוב מיט אַ גוטן קלאַפּ מיט דער טיר, איבערלאָזנדיק דעם קייזער־קעניגלעכן באַאַמטן אויפצושעפּן דאָס וואַסער פון דער פּאַדלאָגע.

זי איז געגאַנגען מיט איילִיקע טריט איבער די טונקעלע, געדרייטע טרעפּ. איר האַרץ האָט הויך געקלאַפּט אין איר ברוסט. איר לייב איז וואַרעם געווען פון אויפרעגונג. ווען זי האָט געוואָלט פון קאָרידאָר אין הויף אַרויס, האָט אַן אָנגריף פון אַ שטאַרקער האַנט זי פעסט צוריקגעהאַלטן.

— פּלעצל, בלייב אַ ווייל!

זי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז דער מאַן פון די זשאַבעס, וועלכער וואַרט אויף איר אין טונקעלן קאָרידאָר יעדן אָוונט.

— וואָס קומסטו אין דערווירטשאַפט? דו ווייסט, אַז אַלע זיינען קעגן דיר, — האָט זי מיט הייסן אָטעם דעם מענטשן אין פּנים אַריינ־געדעדט.

— דו ווייסט צוליב וועמען איך קום. איך מוז דיך זען, פּלעצל. איך האָב דיר עפּעס נויטיקס צו זאָגן.

— ניט היינט. איך מוז גיין אין קיך אַריין קישקעס פּילן. זיי וואַרטן אויף מיר.

— נאָר איין ווייל. איך האָב דיר עפּעס וויכטיקס איבערצוגעבן.

— וואָס איז עס? מאַך עס געשווינד, עס קאָן נאָך ווער אָנקומען.

— ניט דאָ, קום מיט מיר, הינטער די וואָגנס. קיינער וועט אונדז דאָרט ניט זען.

זי איז אים נאָכגעגאַנגען.

עס איז געווען אַ וואַרעמע נאַכט אין מיטן זומער. דער הויף איז געווען באַגאָסן מיט שטערן־ליכט, נאָר די וואַגנס, וואָס האָבן זיך אָפּ־געשטעלט איבער נאַכט אין איינפאָר־הויז, האָבן געוואָרפן פון זיך געדיכטע שאָטנס, אין וועלכע זיי האָבן ביידע זיך איינגעקאָרטשעט.

— נו, וואָס האָסטו מיר צו זאָגן? מאַך עס געשווינד, — האָט זי געזאָגט מיט איר הייסן אָטעם, איינגנורענדיק זיך אין דעם מענטשן פאַר שרעק און אויפרעגונג.

ער האָט זי געהאַלטן פעסט איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס און געקילט אירע וואַרעמע באַקן מיט דער פייכטקייט פון זיינע וואָנצעס.

— דו מוזט אַרויסקומען צו מיר אין וואַלד אַריין און קאָכן מיר אַ זופּ פון וואַסער־חיה־לעך, לויט אַ רעצעפּט, וואָס איך וועל דיר געבן.

— אַ זופּ פון דיינע זשאַבעס? — לאַכט פּלעצל.

— דו ווייסט ניט וואָס פאַר אַ כח זיי באַזיצן... זיי וועלן מיר געבן די מעגלעכע קראַפט דאָס דו זאָלסט פון מיר געבוירן דעם קייסער פון דייטשן רייך.

— פון זשאַבעס און שנעקעס? — לאַכט אין שפּאַס פּלעצל.

— זיי באַזיצן די געהיימע קראַפט, וועגן וועלכע איך האָב דיר דער־ציילט.

— אַ, דערצייל מיר ניט דיינע ווילדע מעשיות! דו זאָגסט עס יעדער פרוי, כדי זי אַריינצונאַרן, — האָט זי געענטפערט און אים אָפּגעשטופּט פון זיך.

— ביי לוציפער דעם גרויסן שווער איך דיר, דו ביסט די איינציקע פרוי, וואָס איך זאָג דאָס איר. נאָר דורך דיר אַליין קאָן איך ברענגען דער וועלט דאָס קינד, אויף וועמען די שטערן ריכטן אויס, אַז ער וועט ווערן דער קייזער פון דייטשן רייך.

— ניין, דאָס קאָן ניט זיין! איך בין אַ פאַרהייראַטע פרוי. דאָס איז דאָך קעגן . . .

— וואָס פאַר אַ מאַן איז ער דיר? האָסט מיר אַליין געזאָגט.

— ער וועט מיך אויף דער גאַס אַרויסוואַרפן, מיך און מיין קינד.

— ער וועט ניט וואַגן. אויך זיין מוטערס מאַן האָט עס ניט געוואַגט. ער איז אַן עסטרייכישער באַאַמטער.

— אָבער פאַרוואָס מוז איך עס זיין די פרוי? — האָט זי געהאַלטן אין איין איבערפרעגן מעכאַניש און געלאָזט זיך צודריקן צו זיין שטאַרקער

ברוסט און פאַרנעמען אין זיך זיין וואַרימען אָטעם דורך זיין הייסן מויל.

— אָבער דאָס איז דאָך ניט וואָר מיטן קייזער פון דייטשלאַנד, דאָס איז דאָך נאָר שפּאַס...

— געוויס איז דאָס וואָר. דו וועסט זיין די מוטער פון דעם דייטשן קייזער. דו, פלעצל, וועסט זיין די מוטער פון דעם גרויסן האַר פון דער גאַנצער וועלט. די גאַנצע וועלט, אַלע קעניגן און גרויסן האַרן וועלן ציטערן פאַר אים. זיי וועלן קומען און בוקן זיך פאַר אים. דאָס האָט די זעערין פאַרשפּראָכן. דאָס האָט זי פון הער לוציפער אַליין דעם באַפעל באַקומען צו געבן מיר די קראַפט, אַז פון מיינע לענדן זאָל דער הערשער פון דער גאַנצער ערד אַרויסקומען. דו ביזט די פרוי, וואָס דורך איר זאָל עס געשען.

— אָבער דאָס איז דאָך לויטער שפּאַס, וואָס דו זאָגסט. דו לאַכסט.

— ניין. ווי אַזוי שפּאַס? לוציפער אַליין שטייט הינטער דעם. דו מוזט מיר קאָכן אַ זופּ פון געוויסע חיהלעך. וועסט דו קומען קאָכן מיר אַ זופּ?... לויט אַ רעצעפּט, וואָס איך וועל דיר געבן? זאָג מיר.

זי האָט אַ ווייל געשוויגן און נאָכגעקלערט. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— וועט עס ניט שאַדן מיין זעל?

— וואָס זאָל שאַדן דיין זעל?

— דאָס באַקערן זיך צו לוציפערן.

— די מוטער פון דעם קייזער פון דייטשן רייך, — דאָס זאָל דיר שאַדן? וואָס האָסטו מער אין לעבן? דיין מאַן, דיין פעטער, דאָס ווירטהויז. אַלע האָבן זיי פון דיר! וואָס האָסט דו? נאָר אַרבעט און יאָך.

— יאָ, איך קום, יאַנאָשעק, — זאָגט זי און נעמט אים איצט אַרום מיט איר גאַנצן כח.

— ווען זאָל איך וואַרטן אויף דיר? — פרעגט ער זי אויפן אויער.

— קומענדיקע וואָך, ווען דער באַאַמטער בייט זיינע אַמט־שטונדן פון טאָג אויף נאַכט.

— יאָ, פלעצכען, איך וועל אַלע פאַרבאַרייטונגען מאַכן.

— פלעצל, פלעצל! — האָט זיך געהערט אַ רופן פון דער אָפענער טיר אין קיך. אַ הייסע פאַרע האָט פון דער איבערגעשוויצטער קיך אַרויסגעזעצט אין דעם קילן אָוונט אַריין.

— איך קום, איך קום! — האָט פלעצל געררופן צוריק און איז אַרויסגעקומען פון איר טונקעלער באַהעלטעניש הינטער די וועגענער.

## דריטער קאַפּיטל

# עס איז פון טייוול

עס איז געווען מיט חדשים שפּעטער, אין מיטן האַרבסט. דער צאַל־באַאַמטער איז אין דעם קאַלטן, מיט וואַלד שמעקעדיקן פרימאָרגן געגאַנגען מיט זיין קייבערל פרישטיק צו דער בריק אַרויס צום צאַל־הויז, ווען ער האָט אָנגעטראָפן דעם וואַלד־אויפזעער, וואָס איז אין דער זעלבער צייט, מיט זיין רוק־זאַק אויף דער פּלייצע און מיט זיין הונט, אויך געגאַנגען צו זיין שטעל אין וואַלד. דעם פרימאָרגן האָט דער וואַלד־אויפזעער זיך ניט באַגנוגנט מיט אַ „גריס־גאָט" און אַ צי מיט זיין גרינעם הוט, ווען דער צאַל־באַאַמטער איז אים אָנגעקומען אַנטקעגן, נאָר ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט אַ ציניש שמייכל, וואָס איז, ווי עס האָט זיך דעם צאַל־באַאַמטן אויסגעוויזן, אַרויסגעקומען פון זיין שטעכעדיקער וואָנצע, האָט ער דעם צאַל־באַאַמטן באַגריסט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט:

— גוטע נייעס, פריילעכע נייעס. עס טראָגט זיך אַרום.

— וואָס פאַר אַ גוטע נייעס? וואָס פאַר אַ פריילעכע נייעס? — האָט דער צאַל־באַאַמטער געפרעגט מיט וואונדער.

— נו, נו, דו אַלטער יעגער, — זאָגט דער וואַלד־אויפזעער, שטורכענדיק דעם באַאַמטן מיטן פינגער אויפן בויך, — מאַך זיך ניט טאַמעוואַטע. די פאַמיליע פאַרגרעסערט זיך.

דער צאַל־באַאַמטער איז בלייך געוואָרן. כדי ניט צו פאַרראַטן זיין פאַרוואונדערונג, האָט ער אַרויפגעצוואונגען אַ שמייכל אויף זיין פרימאָרגנדיק־אַשיקן פּנים.

— דו, אַלטער הינער־פרעסער, האָסט עס באַוויזן. די יונגע באַדאַרפן זיך לערנען ביי אונדז, אַלטע, האַ, האַ! — האָט דער וואַלד־אויפזעער אָפּגעזאָגט און פאַרלאָזט אים מיט אַ קלאַפּ אויף דער פּלייצע.

ווען דער צאַל־באַאַמטער איז מיטן אָוונט אַהיימגעקומען אין זיין שטוב, האָט ער מיטן ערשטן בליק, וואָס ער האָט געוואָרפן אויף פלעצלען, באַמערקט דאָס, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט שוין פון לאַנג געזען און געסודעט זיך אויפן אויער, אַז זיין פלעצל שטופּט אַרויס אַ שפּיציקן בויך פון אונטער איר שערץ.

— פלעצל, דו, קום גלייך אַהער! — רופט אויס דער צאַל־באַאַמטער,

ווי ער זעצט זיך אַוועק אויף זיין געוויינלעכן שטול אויבנאָן ביים טיש, וואו ער פלעגט זיצן ביים עסן.

— און וואָס זאָל עס זיין? — זאָגט פלעצל, ווען זי קומט צו צו אים מיט אַ גלייכגילטיק־קאַלטער מינע, אַרונטערגעמענדיק פון זיך דעם פאַר־טוך, וואָס זי האָט געטראָגן ביים צוגרייטן דאָס אָוונט־עסן, און אַרויס־שטעלנדיק מיט דעם נאָך העכער און נאָך בולטער איר שפּיציקן בויך, וואָס שטאַרצט איצט דעם צאַל־באַאַמטן גלייך אין פּנים אַריין.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט דער באַאַמטער, טייטנדיק מיט זיין אויס־געשטרעקטן פינגער אויף איר בויך.

— דו ווייסט ניט, וואָס דאָס איז? — זאָגט פלעצל ערנסט און זייער רואיק. קיין מוסקל באַוועגט זיך ניט אויף איר פּנים, נאָר אירע פינקלדיקע אויגן אָנגעלאָדן אויף אים, שאָקלט זי ביטולדיק צו מיט איר קאָפּ. — ביזט ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן? — שטעלט זי אים די פראַגע און עגבערט זיך טיפער אַריין מיט איר שאַרפן בליק אין זיין פּנים.

— פון וועמען איז דאָס? — פרעגט ער, קלאַפּנדיק מיט זיינע יאַסלעס אָן צוויין.

— פון וועמען איז דאָס? — פרעגט זי איבער און איר בליק ווערט אַלץ שאַרפער און שטאַרנדיקער.

— ניט פון מיר! — זאָגט דער צאָל־באַאַמטער, טרייסלענדיק ענערגיש דעם קאָפּ אויף „ניין".

— פון וועמען דען? — פרעגט זי אים און בייגט צו איר קאָפּ אַלץ נעענטער צו זיינעם, און אירע אויגן ווערן אַלץ שאַרפער, געשליפענער, אָנגעשטרענגט, ווי אַ פייל אויף אַ בויגן, אים אין פּנים אַריין.

— איך ווייס, פון וועמען דאָס איז, —׳ זאָגט דער׳ אַלטער, ווי ער ווערט זיך קעגן איר אָנגעשטרענגטן בליק.

— און אַז דו ווייסט, איז וואָס? — זאָגט זי, ווי איר פּנים ווערט אַלץ ערנסטער, אָנגעכמורעטער, שטרענגער, און אירע אויגן אַלץ שאַרפער און שאַרפער.

— איך וועל עס אַלעמען דערציילן! דעם געריכט, דעם פעטער, דער גאַנצער שטאָט! — האָט דער אַלטער זיך געוווערט.

— דו וועסט אַלעמען דערציילן? דו?

און מיטאַמאָל האָט דער צאַל־באַאַמטער זיך דערזען אין די לאַפּעס פון אַן אומגעמענטשלעך באַשעפעניש, פון אַ חיה. דאָס חיהשקייט האָט זיך אויס־

געדריקט נאָר אין אירע אויגן אַליין. ער האָט קיינמאָל ניט געזען ביי איר אַזעלכע אויגן: זיי האָבן געביטן זייער קאָליר, פון ביר־ברוין אויף ווייס־גרויער געשליפנקייט; זיי זיינען געשטאַנען אין מיטן, אין די ווייס־ימ׳לעך, ווי צוויי שטעכיקע שפּיזן אויף אים; אַ רגע נאָך, וועט די חיה זיך וואַרפן אויף אים מיט דער גאַנצער פּוריע, וואָס די אויגן דריקן אויס, און זיך אַריינבייסן אין אים מיט אירע שאַרפע ציין אין זיין האַלדז אַריין. אַן אימהדיקער פּחד איז דעם אַלטן באַפאַלן, די הענט און פיס האָבן אָנגעהויבן ציטערן ביי אים, זיין האַרץ איז שטיין געבליבן אין זיין ברוסט, זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געטרייסלט, קאַלטע אַנגסטן האָבן אים באַשלאָגן און צוזאַמענגעקלעפּט זיין העמד און זיין קאַפּטאַן אויף זיין לייב.

— וועסט קיינעם ניט דערציילן! — האָט זי געזאָגט שטיל אין זיין פּנים אַריין און אויסגעשטרעקט צו אים איר האַנט. און אויך איר האַנט האָט זיך געביטן. נאָך קיינמאָל פריער האָט דער צאָל־באַאַמטער ניט געזען אַזוי איר האַנט: די אויסגעאַרבעטע דיקע פינגער האָבן זיך אויסגעצויגן, זיינען אומנאַטירלעך לאַנג געוועזן, די איינגעזעצטע נעגל — שאַרף און גלאַנציק. די האַנט האָט זיך געשטרעקט צו זיין פּנים, און אונטער איר איז דער צאָל־באַאַמטער צעגאַנגען ווי וואַסער אין זיין אַנגסט.

— איך וועל קיינעם ניט דערציילן, — האָט ער געשטאַמלט.

— דאָס איז פון דיר! — האָט זי געזאָגט מיט אַ שטיל־דראָענדיקער שטימע.

דער צאָל־באַאַמטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, בשעת זיינע יאַסלעס אַן ציין האָבן איבערגעחזרט אַן קאָפּ אירע ווערטער.

זי האָט אַוועקגענומען איר פּנים פון אים. דער צאָל־באַאַמטער האָט אָפּגעעטפערט מיט אַ שווערן סאָפּען.

— איצט קאָנסטו זיך וואַשן, דאָס עסן איז פאַרטיק, — האָט זי געזאָגט מיט אַ רואיקער שטימע, ווען זי האָט זיך געלאָזט גיין אין קיך אַריין אַריינצוברענגען דאָס עסן. און ווי עס וואָלט גאָרניט געווען, האָט זי, נאָך פון קיך אַרויס, פאַרענדיק זיך ביים עסן, צוגעגעבן: — און איצט מוז די טאָכטער גיין. איך באַדאַרף האָבן די גאַנצע שטוב פאַר זיך.

— יאָ, איצט מוז די טאָכטער גיין. באַדאַרפסט האָבן די גאַנצע שטוב פאַר זיך, — האָט דער צאָל־באַאַמטער איבערגעזאָגט מיט שרעק נאָך איר.

— און אויך דאָס דינען אין דעם ווירטהויז מוז אויפהערן! — האָט זי געזאָגט, ווי זי האָט צוגעבראַכט דעם טאָפּ מיטן געקעכץ צום טיש.

— איצט מוז דאָס דינען איןווירטהויז אויפהערן. עס פאַרשטייט זיך.
— האָט דער צאָל־באַאַמטער אָפּגעענטפערט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דער צאָל־באַאַמטער אַהיימגעקומען בײַ־טאָג פון זיין אַמט און זיך אַוועקגעזעצט אין זיין טיפער פאָטער־שטול ביים „שיינעם" פענצטער, ווי עס איז זיין שטייגער געווען צו זיצן, ביז פּלעצל איז פאַרטיק געוואָרן צו דערלאַנגען דעם עסן צום טיש. מיטאַמאָל באַמערקט ער, ווי פון דעם טונקעלן ווינקל אין קיך, פון הינטער דעם אויוון, וואו פּלעצל שטייט, נאָרעט זיך אַרויס אַ שוואַרצער, גרויסער הונט און פאָלגט נאָך פוסטריט נאָך פּלעצלען, ווען זי טראָגט דעם טאָפּ זופּ פון דער קיך צום טיש צו. דער צאָל־באַאַמטער איז אויפגעטרייסלט געוואָרן, האָט זיך אויפגעשטעלט פון וואונדער און שרעק:

— וואָס איז דאָס? פון וואַנען קומט דער הונט אַהער? — פרעגט ער.

— אַ שוואַנגערע פרוי אַליין אין שטוב מוז האָבן ווּעמען, וואָס זאָל זי באַשיצן. ניט אַזוי, שיקלגרובער? — און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט דעם טאָפּ אין דער האַנט און האָט אָנגעקוקט דעם צאָל־באַאַמטן מיט אירע ביר־ברוינע אויגן; לעבן איר איז געשטאַנען דער הונט און האָט אויך אָנגעקוקט דעם צאָל־באַאַמטן. שיקעלגרובער האָט באַמערקט, אַז ביידנס אויגן זיינען געווען פון איין קאָליר, און פון זיי ביידע האָט אַרויסגעשטאַרט דער שאַרפער, חיהשער בליק.

— און די טאָכטער מוז היינט אַוועקגיין. איך באַדאַרף האָבן דאָס אָרט, — האָט פּלעצל ווידער געזאָגט, ווי זי האָט אַוועקגעשטעלט די זופּ אויף דעם טיש.

— יאָ, היינט.

ווען די טאָכטער איז שפּעטער אין אָוונט אַהיימגעקומען פון איר אַרבעט, האָט זי געפונען די טיר פון דער שטוב פאַרשלאָסן פאַר איר.

— דו מוזט גיין צו דיין מומע אין דער מיל שלאָפן, — האָט דער פאָטער אַרויסגערעדט דורך דער פאַרשלאָסענער טיר צו דער טאָכטער אינדרויסן. — פּלעצל מוז האָבן דאָס אָרט פאַר זיך.

— כ׳קאָן גאָרניט מאַכן. דיין אָרט איז באַזעצט. פּלעצל מוז עס האָבן.

פּלעצל האָט דערווייל דער טאָכטערס צימער גרייט־געמאַכט פאַר זיך און פאַר איר באַגלייטער.

— פון היינט אָן וועסטו, שיקעלגרובער, אַליין שלאָפן. אַ פרוי אין

מיין צושטאַנד מוז האָבן אַ בעט פאַר זיך, — האָט פלעצל געזאָגט, אָפּ־גייענדיק מיט איר באַגלייטער אין דער טאָכטערס צימער.

— פלעצל! — האָט דער צאַל־באַאַמטער גערופן.

— וואָס איז?

— ווי איז זיין נאָמען? — האָט ער געפרעגט, אָנווייזנדיק אויפן הונט, וואָס איז נאָכגעגאַנגען אירע טריט.

— פשוט פודל, — האָט זי געזאָגט און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

פון דענסטמאָל אָן האָט מען פלעצל געזען אין די גאַסן פון שטעטל נאָר אין באַגלייטונג פון הונט. מענטשן האָבן זיך געוואונדערט אויף פלעצל און אויף איר הונט. פלעצל האָט געטראָגן איר שוואַנגערשאַפט מיט פרעכן שטאָלץ און אומאנשטענדיקער פאַרשייטקייט, וואָס מען איז ניט געוואוינט געווען צו זען דאָס ביי ווייבער אין דעם שטעטל. זי האָט געשטאָכן אַלעמענס אויגן מיט איר שפּיציקן בויך. אויף דער בויך האָט אַרויסגערופן שטוינונג ביי אַלעמען: ער איז געווען נישט־געוויינלעך הויך און שפּיציק.

— נישט אַנדערש, נאָר זי טראָגט אַ טאָפּלטן צווילינג אין איר בויך, — האָבן מענטשן גערעדט.

— און דאָס זאָל אַלץ זיין פון דעם אַלטן שיקעלגרובער? — האָט אַ פרוי אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט פון ספק אין דעם פלייש־געוועלבל ביים קצב אויפן גרינעם מאַרק, וואו די ווייבער־שכנות האָבן גערעדט פון פלעצלס טראָגן.

— עס האָט נאָך ווער צוגעהאָלפן, — האָט דער דיקער פליישער מיט זיין רויטן פּנים אַרויסגעפּלאַצט.

— מיטן גאַנצן בויך וועט זי אָנלייגן אַ פול בעט מיט זשאַבעס, — האָט דעם קירזשנערס ווייב, די מעקלערין ראַדוויגאַ, וועלכע האָט געשמט אין שטאָט פאַר איר שאַרפער צונג, אַריינגעוואָרפן איר וואָרט.

אַ הויך כיכערן האָט זיך געהערט פון די ווייבער.

— שווייגט, זי קומט אָן!

און טאַקע האָט פלעצל זיך דערנעענטערט פון דעם איינפאַר־הויז „צום שוואַרצן ריטער“, וואָס איז געווען קעגנאיבער דער פלייש־יאַטקע, אין געוועלבל אַריין. זי איז געגאַנגען, ווי עס איז איר שטייגער געווען די לעצטע צייט, מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, וויגנדיק זיך בנעימות אויף אירע הויכע היפּטן. איר שפּיציקן בויך אַרויסגעשיקט פאַראויס פאַר זיך, מיט לאַנגזאַמע טריט, ווי זי וואָלט אויסגעהיט געווען, אַז זי זאָל ניט איבער

וואָס זיך אָנשלאָגן. און דער הונט, וויגנדיק זיך אויף זיינע קרעפּטיקע, אויסגעבויגענע פיס, מיט דעם אויפגעהויבענעם עק און אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אַזוי ווי פאַרטראַכט, האָט געשפּאַנט באַלד הינטער איר. זי איז אַריינגעקומען אין יאַטקע־געוועלבל. דער הונט, ניט ווי עס איז די געוואוינהייט פון הינט, ווען זיי קומען אַריין אין אַ יאַטקע, צו וואַרפן מיטן עק פאַר פרייד, צו נישטערן אין די ווינקלען און ציען דעם ריח פון פלייש מיט די נאָזדרעס, — פלעצלס הונט, גלייכגילטיק צו אַלץ, האָט זיך נאָר געהאַלטן לעבן איר, געהיט איר יעדע באַוועגונג און איז איר נאָכגעגאַנגען פוס־טריט.

פלעצל האָט זיך נישט געגריסט מיט די ווייבער. זי האָט, גלייך ביים אַריינקומען, אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויפן זייטל פלייש און זיך געהייסן געבן אַ חלק, אויך אַ חלק ביינער פאַרן הונט. אַ טייל ווייבער האָבן פאַרלאָזט די יאַטקע דעמאָנסטראַטיוו ביי איר אַריינקומען; אַנדערע, פאַרעקשנטע, זיינען געבליבן, האָבן געשליפּעט אויף איר און אויפן הונט און זיך איבערגעוואָרפן מיט פיל־ריידנדיקע בליקן. „די שאַרפע צונג", דעם קירזשנערס ווייב, האָט געפּרואווט דעם הונט אַ גלעט געבן. דער הונט האָט אויפגעהויבן זיין גרויסן קאָפּ און זי אָנגעקוקט מיט בייזע אויגן, באַוועגנדיק זיינע שאַרפע ציין צווישן זיינע צו־קורצע, נישט־צוזאַמענגעקומענע ליפּן. „די שאַרפע צונג" האָט זיך דערשראָקן, האָט זיך אָפּגערוקט פון דעם הונט און זיך אָפּגערופן האַלב אין פּאַניק:

— אָ, האָט עס אַ בייסער!

— פאַרזיכטיק, — האָט פלעצל געוואָרנט.

— וואו האָסטו אים גענומען, פלעצל? — האָט געפרעגט דער פליישער.

— געפונען אין וואַלד, — האָט פלעצל אָפּגעענטפערט און זיך נישט געמאַכט דערויס, וואָס דער עולם ווייבער איז געבליבן פון איר ענטפער שטיין מיט אָפענע מיילער.

— אין וואַלד?

— אין וואַלד, — האָט זי איבערגעזאָגט גלייכגילטיק.

— פאַרשיידענע ברואים געפינען זיך אין וואַלד, — זאָגט אַ פרוי מיט אַ וואונק פון אויג און פאַרלאָזט די יאַטקע געשווינד.

אין אָוונט, אין דעם ביר־שענק, ווען דער צאַל־באַאַמטער איז געזעסן ביי זיין שפּריץ און האָט געררויכערט זיין ליולקע, איז דער וואַלד־אויפזעער צוגעקומען צו אים:

— אַ שאַרפער בייסער באַגלייט דיין פלעצל, שיקעלגרובער.

— יאָ, אַ געפערלעכער. אַ פרוי אין איר צושטאַנד, איינע אַליין אין שטוב. אַלץ קאָן פּאַסירן.

— יאָ, פאַרשטייט זיך. וואו האָסטו אים גענומען?

— אַ קרוב פון אויבערלאַנד געווען ביי אונדז צו־גאַסט. האָט אים איבערגעלאָזט אויף צו באַוואַכן די פלעצל, — האָט דער צאָל־באַאַמטער אָפּגעענטפערט.

— אַבי די ווייבער זאָגן, אַז זי האָט אים אין וואַלד געפונען. פון וואַנען נעמט זיך אין וואַלד אַזאַ חיה? — האָט געזאָגט דער וואַלד־אויפזעער.

יעדן יאָר קומט דער פרילינג מיט ווינטן און שטורעמס אין דעם טאָל, וואָס ליגט טיף אין די שניי־געדעקטע זאַלץ־בערג. נאָר קיינער געדענקט ניט אַזאַ פרילינג אין דער געגנט ווי דאָס יאָר. שוין אין דער צווייטער העלפט אַפּריל הויבן זיך דאָרט אָן די זאַווערוכעס, וואָס הערן גאָר נישט אויף אַרונטערצובלאָזן די שנייען פון די בערג אין טאָל אַרונטער. נאָר עס איז נאָך נישט געווען אַזאַ נאַכט ווי די לעצטע. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער ווינטער האָט אין דער נאַכט געוואָלט אויסשטורעמען אַלע זיינע ווינטן, איידער ער פאַרלאָזט דאָס אָרט און מאַכט פּלאַץ פאַרן פרילינג. אַלע בייזע רוחות האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע קייטן און זיך צוזאַמענגעקליבן אין דער נאַכט אויף איין אָרט און געפראַוועט אַ ווילדע חתונה אין שטעטל. עס איז נישט געווען קיין שילד פאַר אַ געוועלבל, וואָס איז העגנען געבליבן, קיין דאַך, וואָס איז נישט אַנגעטאַפּט געוואָרן פון זייערע מזיקישע הענט, קיין לאָדן, וואָס איז נישט געטרייסלט געוואָרן, און קיין וואַנט אַפילו, וואָס זיי האָבן נישט געפרואווט זי אומצואוואַרפן. מיטן פרימאָרגן האָבן זיך די ווינטן איינגעשטילט. און מיטן פרימאָרגן איז דער צאָל־באַאַמטער אַהיימגעגאַנגען פון זיין נאַכט־אַרבעט ביי דער בריק, אַ צעטרייסלטער, אַן אויסגעווינטיקטער, אַ נישט־געשלאָפענער, מיט זיין ליידיקן קערבל אין האַנט. ווען ער איז אָנגעקומען פאַרן טויער פון דעם איינפאָר־הויז, איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען אַ מאַן, וואָס דער צאָל־באַאַמטער, אין זיין מידקייט, האָט אים נישט גלייך דערקענט.

— גוט מאָרגן, הער אויבער־צאָל־באַאַמטער, — האָט דער מאַן אים באַגריסט העפלעך און אַראָפּגענומען פאַר אים דאָס היטל.

ערשט ווען דער מאַן איז געווען אָפּגעגאַנגען פון אים, האָט דער צאָל־

באַאַמטער זיך געכאַפּט, ווען דער מאַן איז: דאָס איז דאָך דער זשאַבע־אויפציער, דער ציגיינער אין וואַלד!

דער צאָל־באַאַמטער איז געוואָרן מלא־חמה. ניין, דאָס וועט ער נישט צולאָזן, דאָס וועט ער נישט צולאָזן! היינט מאַכט ער אַ סוף צו דעם, היינט דערציילט ער דעם פעטער און דער גאַנצער שטאָט! ניין, דאָס גייט ניט מער!

ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם טונקעלן קאָרידאָר, וואו זיין וואוינונג איז געווען, האָט ער געהערט שווערע טריט אַראָפּנידערן פון די טרעפּ. די טרעפּ זיינען געווען ענגע און פאַרדרייטע, ווי מען געפינט זיי אין די געוועלבטע, אַלטע הייזער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן, ביז דער מענטש אויף די טרעפּ וועט אַרונטערקומען. עס איז אַרונטערגעקומען אַ פּרעמדע, אומבאַקאַנטע עלטערע פרוי, זייער אַ באַלייבטע. איר מאַסיווע לייב איינגעהילט אין אַ מאָדנעם, פיל־קאָלירנדיקן ציגיינערישן טוך, אויפן קאָפּ אַ הייבל מיט זייער פיל בלומען און אַ שלל בענדער. איר גאַנג איז געווען שווער. דערזען דעם צאָל־באַאַמטן, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— גוטע נייעס, הער צאָל־באַאַמטער, פריילעכע נייעס. די פאַמיליע האָט זיך פאַרגרעסערט מיט אַ זון.

דער צאָל־באַאַמטער איז אַזוי מטושטש געוואָרן פון דער בשורה און דער אומגעריכטער באַגעגעניש, אַז ער האָט זיך שוין מער נישט גע־וואונדערט, וואָס דער שוואַרצער הונט, פלעצלס שטענדיקער באַגלייטער, איז איצט נאָכגעגאַנגען אין די טריט פון דער פרוי, וועלכע איז, וויבאַלד זי האָט אים אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, זיך געגאַנגען ווייטער איר וועג.

ווען שיקעלגרובער איז אַריינגעקומען אין זיין שטוב אַריין, איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ הויך, רייסנדיק שרייען פון אַ קינד.

— עס איז אַ אינגל, שיקעלגרובער, — האָט פלעצל געזאָגט פון איר בעט אַרויס, האַלטנדיק איר קינד אין האַנט.

שיקעלגרובער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט וואונדער: זיין אייגענע שטוב איז אים פאַרגעקומען פרעמד.

— און ווער האָט דיר געהאָלפן, פלעצל?

— אַ העלפעריך.

— נישט די הייב־אַם, יעקאַטערינע?

— איך האָב קיינעם נישט געהאַט צו שיקן נאָך איר.

— ביזט געווען איינע אַליין ?
— יאָ.
— און דאָס ווירטהויז ?
— נאָך וואָס באַאומרואיקן מענטשן ?
— און ווער איז געווען די פרוי, וואָס האָט דיר געהאָלפן ?
— איך ווייס נישט.
— איך ווייס נישט.
— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט ? ווער האָט זי גערופן ?
— איך ווייס נישט ווער עס האָט זי גערופן.
— ווי אַזוי ? ווי אַזוי ? וואָס הייסט ? זי איז אַליין געקומען ?

פלעצל האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. איר פּנים איז געווען בלייך און אויסגעמוטשעט. אירע אויגן האָבן אויך געהאַט פאַרלאָרן יענעם חיהשן שטראַל, וואָס איז געלעגן אין זיי ; אַנשטאָט דעם, איז איצט אין אירע אויגן געלעגן עפּעס שווער־מוטיקס און טרויעריקס, אַזוי ווי אין דעם בליק פון אַ געשלאָגענעם הונט, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען אַ שרעק־לעכע פּייניקונג. זי איז געווען אינגאַנצן אין אַנגסטן און זי האָט געקוקט אויף אים נישט פעסט, נישט שרעקעדיק, נאָר מיט אַ בליק פון רעזיגנאַציע און יאוש.

— עס איז מיר אַלץ איינס. טוט מיט מיר וואָס איר ווילט.

שיקעלגרובערן האָט אַרומגענומען אַ געפיל פון רחמנות. ער האָט נישט געוואוסט, צי האָט ער עס רחמנות געהאַט אויף זיין ווייב אָדער אויף זיך אַליין. ער האָט גענומען זיין אַלטן קאָפּ אין די הענט און גערעדט צו זיך : „וואָס טוט זיך דאָ ? וואו בין איך ? וואָס גייט דאָ פאַר אַרום מיר ?"

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין אָרט, איז צוגעגאַנגען צו זיין ווייב. אין זיינע אויגן האָט איצט געברענט אַ פייער, אַ לעצטער פונק פון אַן אויסגייענדיקן לעבן, זיינע הענט האָבן זיך געטרייסלט, זיין פּנים איז אַשיק־בלוי געווען און ער האָט אינגאַנצן געציטערט פאַר כעס און אויפרעגונג.

— דער ציגיינער איז דאָ געווען ?

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— ער האָט עס געבראַכט די פרעמדע פרוי דיר צו העלפן ?

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— דאָס איז פון טייוול, איך וועל עס דערשטיקן ! — האָט דער אַלטער אויסגעשריגן.

מיט אַ בליק פון אַ שטומער חיה, ווי עס וואָלט איר אַלץ איינס געווען, האָט זי אים שטום אָנגעקוקט פון איר בעט אַרויס.

צי פון געריירטקייט, צי פון זיין מאַכטלאָזיקייט, נאָר דער אַלטער צאַל־באַאַמטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיינע קני און אויסגערופן אין אַנגסטן:

— יעזוס מאַריע, האָב רחמנות! — און ער האָט זיך צעוויינט.

זי האָט אים געלאָזט לאַנג וויינען. ווען זיין שלוכצן האָט אויפגעהערט, האָט זי אים אויסגעשטרעקט פון איר בעט אַ פּייכטע, פון אַנגסטן פאַר־שוויצטע האַנט און לייכט באַרירט זיין אַלטן קאָפּ.

— גיב מיר אַ ביסל וואַסער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעקראָכן צום קראַן אָנצוגיסן אַ גלאָז וואַסער. האַלטנדיק דאָס גלאָז וואַסער פאַר איר, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל עס צונעמען, נאָר מיט איין באַדינג.

זי האָט אים אָנגעקוקט אָן ווערטער.

— אַז דער ציגיינער, דער זשאַבע־אויסבריער, דער... ער זאָל פאַר־שווינדן.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ“.

— טרינק דאָס וואַסער, ביזט אינגאַנצן אין אַנגסטן, — האָט ער גע־זאָגט, ווי ער האָט איר דערלאַנגט דאָס גלאָז וואַסער צום מויל.

„נו, איצט וועל איך אַרונטערגיין אונטן, וועל זיי ברענגען די בשורה. זיי וועלן זיך עס וואונדערן, וואָס קיין הייב־אַם איז נישט געווען“, האָט דער אַלטער גערעדט פאַר זיך.

— ווילסט עס נישט זען? — האָט פלעצל געפרעגט. — עס איז אַ אינגל.

— נו, יאָ, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ קליינעם ישוב־הדעת.

זי האָט שוואַך אָנגעוויזן אויפן באַשעפעניש, וואָס איז געלעגן לעבן איר.

— נו, יאָ, אַ אינגל, — האָט דער אַלטער געזאָגט און האָט זיך אַוועק־געדרייט פון בעט.

ער איז צוגעגאַנגען צום קליינעם שפּיגל, האָט צוגעלייגט די צע־שויבערטע האָר אויפן קאָפּ, אויסגעצויגן זיינע פאַרפּוילטע וואָנצעס, צו־רעכט געמאַכט די קליידער אויף זיך.

— איך האָב שטענדיק געוואָלט האָבן אַ אינגל, — האָט ער געבראַכט די פריילעכע בשורה אין ווירטהויז אַריין.

— אָבער פאַרוואָס האָט מען גאָרנישט געהערט? ווי אַזוי האָט זי

דאָס אַליין געמאַכט ? — זײַנען אַלע בײַם פּעטער אין ווירטהויז אים באַפאַלן מיט פראַגעס.

— אָ, די פּלעצל, זי קאָן אַלץ באַווייזן, זי איז שטענדיק געווען אַ בריהטע, — האָט דער פּעטער געזאָגט, אָן אויפגעלייגטער.

— איך האָב איר אַ ביסל צוגעהאָלפן, — האָט דער אַלטער שיקעל־גרובער געזאָגט ליגן, כדי צו באַשיצן זיין פּלעצל פון וואָסער עס איז חשד.

## פערטער קאַפּיטל

# דער קליינער אַדאָלף

**דאָס קינד איז געטויפט געוואָרן.** דער פּעטער, דער טויף־קוואַטער, האָט שוין געזען, אַז אַלע מיילער זאָלן פאַרשטאָפּט ווערן מיט עסן און טרינקען. דער פאָטער, דער קייזער־קעניגלעכער צאָל־באַאַמטער, האָט גע־טראָגן צוויי מעדאַלן, וואָס ער האָט באַקומען אין זיין צאָל־אַמט, אויף דער ברוסט, ווי ער איז מיט פּלעצלען געשטאַנען ביי דער טויף־צערעמאָניע. ער האָט צוגעגרייט פאַרן קינד אַ נייעם נאָמען, — האָט געהאָט פריער אַדורכגעפירט די פאָרמעלע פּראָצעדור, וואָס איז נויטיק געווען אויף צו ענדערן דעם נאָמען.

ווייבער האָבן געוואוסט צו דערציילן דערנאָך פאַרשיידענע רכילותן, גוזמאות, אַז דאָס קינד זאָל האָבן ביים טויפן אויסגעשטרעקט זיין הענטל און פאַרגאָסן דאָס הייליקע וואָסער. עס איז אָבער באַלד אַלץ פאַרגעסן געוואָרן. אַפילו דעם זשאַבע־אויסברייערס פאַרשווינדן אין וואַלד באַלד האָט אויך נישט געמאַכט קיין גרויס אויפזען אין שטאָט. ער איז קיינמאָל נישט געזעסן לאַנג אויף איין אָרט. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרומ־וואַנדלען פון אָרט צו אָרט. אינאיינעם מיטן ציגיינער איז אויך פאַר־שוואונדן יעדער חשד אויף פּלעצל. די פאַמיליע איז באַלד פאַרגעסן גע־וואָרן אין דער גרויער שטעטלשער אָרעמקייט. פּלעצל איז געווען אונטערטעניק איר מאַן אַזוי ווי אין די פריערדיקע יאָרן און אפשר נאָך מער ווי פריער. באַוואוסט אין איר שולדיקייט, האָט זי געפּרואווט מיט איר הכנעה פאַרגיטיקן דעם עגאָאיסטישן אַלטן, וועלכער האָט איצט באַלע־באַטעוועט איבער איר ווי איבער אַ דינסט. דער אַלטער האָט קיינמאָל נישט

געוואָרפן קיין אויגן אויפן קינד. ער האָט עס נישט געזען, האָט עס קיינ־מאָל נישט באַרירט מיט קיין פינגער און גערופן עס „דאָס“: „דאָס וויינט... דאָס וויל עסן“. אויך די מוטער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע צאַרטקייט צום קינד, ווי זי וואָלט אים געוואָלט פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן פאַר איר זינד. דאָס קינד איז מער אויפגעצויגן געוואָרן פון די דינסטן, די קעלנערינס, די וואַש־פרויען אין דעם איינפאָר־הויז איידער פון זיין מוטער. פלעצל האָט אינגאַנצן אָפּגעלאָזט איר מוטערלעכע התחייבות צום קינד. דאָס קינד האָט זיך מער געפונען אין הויף צווישן די פורן, די פערד, די חזירים, די הינער, ווי אין דער היים. עס האָט זיך געראָיעט אויף אַלע פיר אַרום דער קיך, אינאיינעם מיט די הינער, די קעץ און די אַנדערע שטוב־חיות. עס איז געפּיעשטשעט געוואָרן פון אַלעמען אין איינפאָר־הויז, ווי די אַנדערע שטוב־חיות. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך דאָס קינד וואָלט ניט אָנגעהערט צו אינדיווידועלע פאָטער־מוטער, נאָר עס וואָלט געווען אַ קינד פון אַ קאָלעקטיוו, דאָס קינד פון איינפאָר־הויז „צום שוואַרצן ריטער“. עס האָט זיך אַרומגעוואַלגערט צווישן די פיס פון די דינסטן אין דער גרויסער גאָרקיך. אַז עס איז הונגעריק געווען, האָט מען עס אָנגע־קאָרמעט מיט וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט, די מוטער אָדער אַן אַנדער קעכין, וואָס האָט זיך געפונען אין דער קיך. מען האָט עס אָבער וויניק־וואָס באַדאַרפט קאָרמענען. דאָס קינד האָט פון קליינערהייט אָן געוואוסט אַליין זיך אַן עצה געבן: עס האָט אויסגעשטרעקט פשוט דאָס הענטל און אַרויסגעשלעפּט פון יעדן טעלער, וואָס עס האָט נאָר געקאָנט דערגרייכן. האָט דער קליינער אַדאָלפכען דערשמעקט נאָר אַ טעלער מיט עסן, אָדער מיט פריש־אָנגעגאָסענער זופּ, וואָס אַ קעלנערין האָט אויף אַ ווײַלע שטיין געלאָזט, איידער זי האָט עס דערלאַנגט אַ גאַסט צום טיש, האָט ער זיין האַנט אַרײַנגעשטעקט און אַרויסגעכאַפּט פון דאָרט אַ ביסן אָדער אַ לעפל געקעכץ. נישט איינמאָל האָט די קעלנערין געמאַכט אַ געוואַלט און גערופן זיין מוטער:

— פלעצל, פלעצל, זע, וואָס דער קליינער אַדאָלף האָט געטאָן! ער האָט די גאַנצע זופּ אויסגעגאָסן!

די מוטער, אַ פאַרטאָגענע אין דער קיך, אין איר פערפעצטן שערץ, איז געקומען צו לויפן און האָט אים געפּאַטשט איבערן הענטל:

— דו, כאַפּער־לאַפּער, שטעק נישט די האַנט אין פרעמדע טעלער!

דאָס קינד האָט זיך צעוויינט. דאָס האָט אויפגערירט דאָס האַרץ פון

דער אַלטער מויד, דער ווייסער מאַריע, וואָס איז געווען היפּש איבער־געיוירן מיט פלייש, ווי מיט יאָרן און אַזוי דיק, ווי סענטימענטאַל; זי האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון דער מוטערס האַנט און אים פאַרשטילט מיט אַ האָניק־קיכל פון איר בוזעם אַרויס:

— נו, שווייג, שווייג, קליינער אַדאָלף! נאַ, דאָ האָסטו זיסן קוכן! — האָט זי געזאָגט, צוואוואַרפנדיק פלעצלען אַ בייזן בליק. — אַזאַ זיס אַדאָלפ־כען, איך וואָלט אים געקאָנט אויפעסן.

— עס האָט גרויס אַפּעטיט, דיין זיסער אַדאָלפכען, — האָט די קעכין אַנאַ געלאָזט הערן איר שטימע צווישן די טעפּ.

— ער וועט שוין וויסן זיך אַן עצה צו געבן אין לעבן, — האָט אויף אים נביאות געזאָגט די טעלער־וואַשערין.

אַמאָל פלעג דער קליינער אַדאָלף זיך אַריינשאַרן אין דעם געוועלבטן, מיט טאַבאַק־רויך געדיכטןווירטהויז, אַרומקריכן דאָרט אונטער די טישן, אַנטאַפּן, ווי אַ הינטל, די פיס פון די געסט. די באַלעגאַלעס, וואָס האָבן געהאַלטן זייערע בוידן אין איינפאָר־הויז, האָבן אים גערן געהאַט. זיי האָבן אים גענומען אויף די קני, געקרייזלט זיינע שוואַרצע האָר, וואָס האָבן איצט אָנגעהויבן פאַלן איבער זיין שמוציק פּנימל. אַ באַלעגאַלע האָט איינ־מאָל איינגעטונקען אַ ביסן ברויט אין זיין גלעזל שנאַפּס און עס געגעבן דעם קינד צו פאַרזוכן. דער שאַרפער שנאַפּס האָט אָפּגעבריט דעם קינדס גומען. דער קליינער אַדאָלף האָט זיך צעוויינט. אויף זיינע קולות האָט זיך באַוויזן דער דיקער ווירטהויז־האַלטער, דער פעטער רודאָלף, און גענומען אַריינשרייען אין קיך אַריין:

— פלעצל, פלעצל, נעם אים צו פון דאַנען!

— לאָזט אים, לאָזט אים! — האָט דער באַלעגאַלע געבעטן פאַר אים.

— אַזאַ אומרואיק קינד! וואו מען זייט אים נישט, דאָרט וואַקסט ער אויס! — פלעצל האָט אַוועקגעטראָגן דעם וויינענדיקן אַדאָלף צוריק אין קיך, אים אָנגעפּאַטשט איבער די הענטלעך און אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. — דאָ זיץ און ריר זיך נישט פון אָרט! צרות האָב איך נאָר פון דיר, ווייטער גאָרנישט!

אָבער אין אַ מינוט אַרום האָט זיך שוין געהערט אַ נייער געשריי: דער קליינער אַדאָלף האָט זיך געצויגן מיט די הענטלעך נאָך אַפּגעשיילטע קאָר־טאָפל אין אַ גרויסע באַליע און איז, מיטן קאָפּ פאָראויס, אַריינגעפאַלן אינגאַנצן אַהינצו.

אַזוי האָט דער קליינער אַדאָלף זיך אויפגעצויגן מיט דער הילף פון די קעכינס און קעלנערינס אין איינפאַר־הויז „צום שוואַרצן ריטער“, ביז וואַנען עס איז געקומען פאַר אים די צייט צו גיין אין שול.

דאָס אינגל איז אויסגעוואַקסן הויך, ביינערדיק און שוואַרץ־האָריק. עס איז גאָרנישט געווען אין זיין פּנים, וואָס זאָל דערמאָנען אָן דעם פאָטער אָדער אָן עמעצן פון די קרובים. עפּעס פרעמדס איז געווען אין אים, אַ סלאַווישער שטריך, אַ האַרטנעקיקייט, וואָס האָט דערמאָנט אָן זיין מוטערס ביטערקייט, אָבער אין זיינע אויגן איז געלעגן אַזאַ אַרויספאָדערנדיקער בליק, אַז ער האָט איריטירט דערמיט סיי נאָענטע, סיי פרעמדע. ער איז געווען ווי אַ שפּיציקער האַקן, וואָס טשעפּעט זיך צו אַלץ, וואָס קומט אים אין זיין וועג. זיין פּנים און זיינע הענט זיינען שטענדיק געווען צעדראַפּעטע, — אין זיין פריער קינדהייט — פון רייצן זיך מיט הינט און קעץ; איצט — פון שלאָגן זיך מיט חברים אין דער שול און מיט אינגלעך אויף דער גאַס.

שוין אין די ערשטע פאַר וואָכן אין דער שול האָט ער געוואונען אומחן ביים לערער און די שנאה פון זיינע חברים. קיינער האָט נישט געוואוסט, פאַרוואָס דאָס אינגל האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז אַ פּריווילעגירטער, אַז עס קומט אים מער רעכט אין שול ווי די אַנדערע אינגלעך. ער האָט לחלוטין נישט געקאָנט באַגרייפן, וואָס עס הייסט דיסציפּלין און אָרדענונג: דאָס האָט געגאָלטן פאַר אַלע אַנדערע, נישט פאַר אים. מחמת דעם האָט ער באַלד פון אָנהויב גענומען טראָגן אַ שנאה אויף זיין לערער, וואָס האָט נישט געמאַכט קיין אויסנאַם פאַר אים און באַהאַנדלט אים מיט אַנדערע צוגלייך. אין זיינע ערשטע יאָרן אין שולן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין אַ נייעם קלאַס, האָט ער נישט אויסגעוואַרט, ביז וואַנען דער לערער וועט אים אָנווייזן זיין פּלאַץ, נאָר האָט אַליין זיך אויסגעקליבן דעם ערשטן זיץ קעגנאיבער דעם לערערס פּולט. דער לערער, אַ מאַן אין די יאָרן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן לאַנג פאַרבראַכט אין שטעטל, האָט געקענט קינדער. ער האָט באַמערקט אַדאָלפס פאַרנעמען דעם פּלאַץ אויבנאָן און האָט פאַר אַ שטראָף אים געהייסן זיך זעצן אויף אַ באַנק צוויי רייען ווייטער. אויפן צווייטן טאָג, ווען אַדאָלף האָט ווידער פאַרנומען דעם פּלאַץ אויבנאָן, האָט דער לערער אים געהייסן זיך זעצן אויף צוויי רייען נאָך ווייטער אויף צוריק. און אַזוי אויך אין די אַנדערע עטלעכע טעג, ביז וואַנען אַדאָלף איז אַראָפּגערוקט געוואָרן אויף אַ סאַמע הינטערשטער באַנק. מען האָט אים אָבער דאָרט נישט געקאָנט איינהאַלטן; ביי דער ערשטער געלעגנהייט

איז ער אויפגעשוואומען צוריק אויף דער באַנק אויבן־אָן. דאָס האָט אַרויסגערופן געלעכטער אין קלאַס, אָבער אַדאָלף האָט זיך גאָרנישט גע־מאַכט דערויס. דעם לערערס שטראָף האָט נישט געהאָלפן: ביי יעדער לעקציע האָט ער געפונען אַדאָלפן אויף דער ערשטער באַנק. דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען איינמאָל ביים נעמען אַ בילד פון דעם גאַנצן קלאַס קינדער: אַדאָלף האָט, פאַרשטייט זיך, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערשטער באַנק, אָבער דער לערער האָט אים אויך דאָס מאָל באַמערקט און אים גע־שיקט צוריק אויף זיין פּלאַץ אין דער לעצטער הינטערשטער ריי.

— לויט דיין אויסצייכענען זיך אין לערנען, קומט דיר נישט דער אויבנאָן, — האָט דער לערער אים געזאָגט.

דער קליינער אַדאָלף האָט געמוזט גיין צוריק אויף זיין פּלאַץ הינטן. אָבער אויף דער פאָטאָגראַפיע שפּעטער האָט זיך דאָך אַרויסגעוויזן, אַז ער שטאַרצט אַרויס מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע אַנדערע תלמידים, שטאַרט איבער זיי מיט פרעך־אויפגעריסענע אויגן; דאָס אינגל האָט אין דעם לעצטן מאָמענט, ביים נעמען דאָס בילד, זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ בענקל. עס איז געווען פאַרפאַלן, — מען האָט די פאָטאָגראַפיע, צוליב דער הוצאה, וואָס אַלע קינדער האָבן בייגעשטייערט דערצו, נישט געקאָנט מער פאַר־ניכטן, — אָבער דער לערער האָט פאַר אַ שטראָף אויסגעהאָנגען די פאָטאָגראַפיע אין קלאַס מיט אַ געהעריקער אויפשריפט, האָט אויפגעשטעלט אַדאָלפן אויף אַ בענקל אונטער דער פאָטאָגראַפיע און אים געלאָזט אַזוי שטיין דאָרט אַ גאַנצן טאָג. אַדאָלף איז אָפּגעשטאַנען אויפן בענקל דעם גאַנצן טאָג און האָט אויסגעהאַלטן מיט זיין פרעכן בליק די לאַכנדיקע אויגן פון אַלע קינדער אין קלאַס.

ס'רוב האָט ער אויסגענוצט זיין איינגערעדט־פּריווילעגירטע פּאָזיציע קעגן שוואַכערע, אָפּהענטיקע קינדער. אין קלאַס מיט אים האָט זיך גע־פונען דער קליינער רויטשילד, אַ זון פון דעם איינאיינציקן אידישן שניט־קרעמער, וואָס האָט זיך געפונען אויפן מאַרק אין שטעטל. דער קליינער שמואל רויטשילד, אַ ציטערדיקער בן־יחיד ביי זיין טאַטע־מאַמע, האָט געבראַכט גאָר אָפט אין שול אַ ניי שפּילצייג. איין טאָג האָט דער קליינער שמואל געוויזן אַן אייביק־שרייבנדיק פעדער, וואָס דער פאָטער האָט אים געבראַכט פון דער גרויסער קרייז־שטאָט, ווען ער איז געפאָרן אַהין איינצוהאַנדלען סחורה. די פעדער האָט נאָך געהאַט אין זיך אַזאַ שפּאַקטיוו, וואָס מען האָט געקאָנט זען אין דעם דעם ווינער קעניגלעכן

שלאָס „די בערג". די אייביק־שרייבנדיקע פעדער מיטן שפּאָקטיוו האָט, פאַרשטייט זיך, אַרויסגערופן קנאה פון אַלע אינגלעך. אַ פּאָר אינגלעך האָבן געפּרוּװט אַרויסבאַקומען די פעדער פון דעם קליינעם שמואל דורך אויסטויש פאַר אַנדערע סחורות; דאָס איז זיי נישט געלונגען. דער קליינער אַדאָלף אָבער האָט באַשטימט אַרויסצובאַקומען די פעדער פון דעם „יודע רויטשילד" דורך געוואַלט. ער האָט אָפּגעוואַרט דאָס אידישע אינגל אויף זיין וועג אַהיים פון דער שול.

— גיב מיר אַוועק דיין פעדער, — איז אַדאָלף צוגעשטאַנען צום קליינעם רויטשילד.

— זי איז מיינע, מיין טאַטע האָט זי מיר געקויפט.

— די פעדער, אָדער דיין לעבן! — האָט אַדאָלף געזאָגט.

— איך וועל זי דיר נישט געבן.

אַדאָלף האָט זיך געכאַפּט שלאָגן און מיט מיט אַ שטיין געמאַכט דעם קליינעם שמואל אַ לאָך אין קאָפּ. עס איז געוואָרן אַ געוואַלט, אַ גערודער. מען האָט דעם קליינעם שמואל געבראַכט אַהיים, אַ צעבלוטיקטן. דער דאָקטאָר האָט אויסגעשטעלט אַ צייגעניש איבער דער טיף פון שמואלס וואונד אין קאָפּ. מען האָט געזאָלט ברענגען די זאַך אין דער פּאָליציי, אָבער דער לערער פון דער שול האָט זיך אַריינגעמישט, — ער האָט גע־וואָלט ראַטעווען דעם קייזער־קעניגלעכן צאָל־באַאַמטן פון דער שאַנד צו האָבן זיין אינגל געבראַכט פאַרן געריכט פאַר אַ געוואַלט־אַנפאַל און איז דערביי אויך געווען פאַר זיך פאַראינטערעסירט, אַז דער עסק זאָל פאַר־שוויגן ווערן, — און מען איז געקומען צו אַן אויסגלייך, אַז דער צאָל־באַאַמטער אַליין זאָל באַשטראָפן זיין זון. די שטראָף, וואָס דער צאָל־באַאַמטער האָט אַרויסגעגעבן, איז געווען, אַז אַדאָלף זאָל קומען צום הער קויפמאַן רויטשילד און אים איבערבעטן. דער קליינער אַדאָלף האָט צו־גענומען אַלע שמיץ פון דעם לעדערנעם פּאַסיק, וואָס דער צאָל־באַאַמטער האָט געקאָנט אויסטיילן אויף זיין נאַקעטן הינטן, נאָר קיין גרימאַסע פון צער אָדער חרטה האָט זיך נישט באַוויזן אויף זיין פּנים. ער האָט געקוקט מיט זיין פרעכן בליק דעם צאָל־באַאַמטן אין פּנים אַריין, אויף אַלע זיינע פראַגעס קיין וואָרט נישט געענטפערט, — און קיין שטראָף, קיין שרעקן, אַז ער וועט קומען אין תפיסה אַריין, האָט נישט געקאָנט פועלן ביי אים, אַז ער זאָל גיין ווענען־עס־איז איבערבעטן.

דער לערער האָט נישט געוואָלט מער אויפנעמען דעם קליינעם אַדאָלף

אין קלאַס, סיידן ער וועט גיין איבערבעטן דעם אידישן קויפמאַן, הער רויטשילד. עס האָט געהייסן, אַז דאָס אינגל וועט נישט האָבן קיין אַנדער ברירה, נאָר אַרומלויפן הפקר אויף דער גאַס. אָבער רויטשילד האָט נישט געקאָנט צולאָזן, אַז איבער אים זאָל דעם צאַל־באַאַמטנס זון גיין לאיבוד, האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר אים ביים לערער און געפועלט, אַז דער לערער זאָל אים צוריק אויפנעמען אין קלאַס אָן דעם איבערבעטן:

— ווער באַדאַרף זיין איבערבעטן? זאָל ער נאָר נישט אין מיטן העלן טאָג באַפאַלן מענטשן אין גאַס.

אָבער דער קליינער אַדאָלף איז שוין סיי־ווי־סיי געבליבן אין שול אַ פאַרשטויסענער. די אינגלעך האָבן נישט געוואָלט זיך חברן מיט אים. אין זיין איזאָלירטקייט, איז ער נאָך מער פאַרביטערט געוואָרן.

פינפטער קאַפּיטל

# ביים טייוול אין חדר

דעמאָלט האָט אין שטעטל, נאָך אַן אָפּזיין פון צען יאָר, זיך אויפס־נייַ באַוויזן דער זשאַבע־אויסבריער, דער ציגיינער, וואָס דאָס שטעטל האָט נאָך אַלץ געהאַט פאַר אים דעם נאָמען „דער בעמישער קאַרפּאַראַל".

ער האָט זיך באַוויזן אין שטעטל ווי יעדן מאָל: ער איז פּלוצלונג אַראָפּגעפאַלן, האָט זיך פאַרקליבן אין וואַלד, הינטער דער שטאָט, האָט דאָרט אָפּגעדונגען אַ שטיבל פאַר זיך. ווידער האָט ער אַרומגעטראָגן איבער די הויפן, צו די פישערלייט, ווערים און זשאַבעס צום פאַרקויפן. די פישער־לייט האָבן שוין טאַקע געהאַט לאַנג אַרויסגעקוקט אויף אים: זיי האָבן די לעצטע צייט געהאַט אַ סך היזקות. מען האָט זיך געוואונדערט אין שטעטל פאַרוואָס ער קומט נישט. מען האָט געמיינט, אַז ער איז שוין טויט, וואָרים עס האָט נאָך קיינמאָל פריער נישט געטראָפן, אַז ער זאָל זיין אַוועק אויף אַזאַ לאַנגער צייט. געוויינלעך, האָט מען געוואוסט, פלעג ער בלייבן אַ סעזאָן אָדער צוויי אויפן אָרט, אַוועקציען דערנאָך ערגעץ אַנדערש און אין אַ פּאָר יאָר אַרום זיך אומקערן צוריק. דאָס מאָל אָבער איז ער אויסגע־געבליבן גאַנצע צען יאָר. די עלטערע פישערלייט, וואָס האָבן אים גע־דענקט, האָבן נישט געהאַלטן פון די ניי־מאָדישע מיטלען און מעטאָדעס,

וואָס די רעגירונג האָט זיי רעקאָמענדירט דורך אירע אויפזעער, אויף צו ראַטעווען זייערע פיש. אַחוץ וואָס די נייע מיטלען זיינען געווען פאַרבונדן מיט קאָסטן, האָבן די אַלטע פישערלייט זיי אויך זייער ווייניק געטרויט. די אַלטע פישערלייט האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן מער פון די זשאַבעס און די אַנדערע שרצים, וואָס די ווערים־אויסבריער האָבן זיי פאַרקויפט. זיי האָבן, דעריבער, זיך דערפרייט מיטן זשאַבע־אויסבריער, ווען ער איז, נאָך אַזאַ לאַנגן אָפזיין, געקומען צוריק אין שטעטל. דער זשאַבע־אויפציער האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען די גאַנצע צייט אָנגעשטעלט אין אַ הויף ביי אַ גרויסן פריץ, וואָס האָט זיינע אייגענע סטאַוון.

איינמאָל, ווען דער קליינער אַדאָלף איז אַרויס פון דער שול, האָט ער געטראָפן אינדרויסן שטיין אַ מאַן מיט שוואַרצע וואָנצעס, כאָטש די האָר אויפן קאָפּ זיינען שוין ביי אים גרוי געווען, וואָס האָט אַזוי ווי אָפּגעוואַרט אויף אים. דער מאַן האָט צוגעוואונקען אַדאָלפן מיט אַ שמייכל, אַז ער זאָל צוקומען. אַדאָלף האָט נישט געקענט דעם מאַן און אויך גאָרנישט געוואוסט פון דעם זשאַבע־אויסבריער. אין דער היים, פאַרשטייט זיך, האָט מען זיך געהיט נישט צו דערמאָנען זיין נאָמען. אַדאָלף איז נישט געווען קיין שרעקעדיק, קיין שעמעוודיק קינד. בייגעריק אויף אַלץ, איז ער צו־געגאַנגען צום פרעמדן מאַן. דער פרעמדער האָט אים געקוקט אין פּנים אַריין מיט אַ פריינטלעכן שמייכל, האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און געזאָגט:

— דאָס ביסטו דער קליינער אַדאָלף היטלער?

— איך בין נישט קליין, — האָט דאָס אינגל אָפּגעענטפערט, אַ באַ־ליידיקטער. — איך בין אַדאָלף היטלער.

— דאָס געפעלט מיר. דאָס איז בראַוו. ביסט נישט קליין, זיכער נישט! פאַר דייך בראַוון ענטפער, נאַ, דאָס באַקומסטו!

און דער מאַן האָט אַרויסגענומען פון אַ טייסטערל אַ גאַנצע קראָנע און דאָס דערלאַנגט דעם אינגל.

דאָס אינגל האָט געהאַלטן די זילבערנע מטבע, האָט געקוקט מיט ווייט־געעפנטע אויגן אויפן מאַן.

— דו קענסט מיך נישט? ווייסט נישט, ווער איך בין? — האָט דער פרעמדער מאַן געפרעגט.

דאָס אינגל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין".

— האָט די מאַמע דיר גאָרנישט דערציילט פון מיר?

דאָס אינגל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין".

— איך בין אַ קרוב דײַנער, זייער, זייער אַ נאָענטער קרוב דײַנער.

— אַ פעטער?

— יאָ, אויף דעם שטייגער, — האָט דער מאַן אָפּגעענטפערט. — מיר זײַנען נישט קיין פרעמדע. וועסט עס איין טאָג געוואויר־ווערן. נו, איצט ווילסטו קומען מיט מיר אין וואַלד זען מײַנע חיהלעך?

— חיהלעך?

— יאָ. איך בין דאָך דער מאַן, וואָס ברינגט אויס פאַרשיידענע חיהלעך פאַר די היגע פאַרעלן־אויפציער. האָסט נישט געהערט פון מיר? איך בין דער, וואָס איך פאַרקויף מיטלען קעגן שלאַנגען און ווערים. האָסט נישט געהערט פון מיר?

אין דעם אינגל האָט זיך אויפגעוועקט אַ פאַרטושט זכרון־געפיל, וואָס איז געלעגן אײַנגעוויקלט אין אים פון זײַן עמבריאָנישער פאַזע אָן. עס איז געווען ווי דעם מאַנס אָנבליק וואָלט אים מיטאַמאָל באַקאַנט געוואָרן און נאָענט געווען. ער האָט געקוקט אויפן מאַן מיט וואונדער און געזאָגט:

— איך קען אײַך פון ערגעץ?

— דו קענסט מיך, מײַן אינגל, און דו וועסט מיך נאָך בעסער קענען. ווילסט גיין מיט מיר אין וואַלד אַריין זען מײַנע חיהלעך? פאַרשיידן זײַנען זיי, אין אַלערליי פאַרבן. איך האָב זיי געבראַכט פון ניי־זידעלער זעע אין בורגענלאַנד. קליינע קראָקאָדילן.

— אמתע קראָקאָדילן?

— יאָ, זיי שטאַמען פון דעמזעלבן מין.

דער קליינער אַדאָלף האָט געוואוסט, אַז ער טאָר נישט גיין: ער האָט געהאַט אויפן קאָפּ די שול־אַרבעט אין מאַטעמאַטיקע, אין געאָגראַפיע, אין דער דײַטשישער שפּראַך, וואָס ער איז געווען אין דעם צוריקגעשטאַנען פון אַלע קינדער און האָט געמוזט אָניאָגן, אַז ער זאָל נישט פאַרבלײַבן זיצן נאָך אַ סעמעסטער אויף דער זעלבער באַנק. עס איז אָבער נישט געווען פאַר דעם קליינעם אַדאָלף קיין „נישט־טאָרן"; די גרענעץ־ליניע צווישן „דערלויבט" און „נישט־דערלויבט" איז לחלוטין געווען פאַרווישט אין זײַן כאַראַקטער פון קליינערהייט אָן. די אַנאָמאַליע טרעפט בײַ קינדער מיט גרויס פאַנטאַזיע: זייער פאַנטאַזיע קאָן אויסמאָלן פאַר זיי אַ וועג אין מדבר. בײַ דעם אינגל אָבער איז דאָס אויספעלן פון אַ מאָראַלישן באַנעם געווען אַ געבוירענער פעלער. דאָס אינגל האָט נישט געקאָנט באַנעמען,

פאַרוואָס זאַכן זײַנען יאָ דערלויבט און פאַרוואָס זאַכן זײַנען נישט דערלויבט. זײַן נאַטור איז לחלוטין אומפּײַאיק געווען אונטערצואוואַרפן זיך וועלכער־עס־איז דיסציפּלין. עס איז גענוג געווען דער אָנבאָט פון אַ ווילד־פרעמדן מענטשן צו פאַרברענגען דעם אנגענעמען האַרבסטיקן נאָכמיטאָג אין וואַלד בײַ תיהלעך, אַז ער זאָל נישט טראַכטן מער פון די אַלע אומאנגענעמע קאָנסעקווענצן, וואָס זײַן פאַרנאַכלעסיקטע שול־אַרבעט וועט ברענגען אויף אים אין דער שול און אין דער היים. און מכוח דעם פרעמדן מאַן אַליין, — פאַר אים האָט ער נישט מורא געהאַט. פאַרקערט: וואָס גרעסער אַן אַוואַנטורע, אַלץ מער האָט דאָס אים גערייצט אַרײַנצולאָזן זיך אין איר.

— געוויס וועל איך גיין מיט אײַך, — האָט דאָס אינגל געזאָגט. — ער איז שוין געווען גרייט צו וואַרפן די ביכער און גיין מיט דעם מאַן נישט נאָר אין וואַלד, נאָר אַפילו אין עק וועלט.

— די ביכער נעם מיט, זיי וועלן דיר נאָך צוניץ־קומען, — האָט דער מאַן געזאָגט, ווי ער האָט אָנגענומען דאָס אינגל בײַ דער האַנט און זיך געלאָזט גיין מיט אים.

אויפן וועג האָט דער מאַן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קאָלבאַס־געוועלבל און געקויפט דאָרט בלוט־וואורשט און ברויט, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אַפּטייק און געקויפט עפּעס אַ רפואה פון געטריקנטע וואָרצלען, וואָס עס האָט נאָך מער גערייצט דעם אינגלס חשק נאָך אַוואַנטורעס; ער האָט אויך אײַנגעקויפט אין אַ שפּײַז־געוועלבל פעטס, אָדער ווי מען רופט עס אין עסטרײַך, „שמוץ“, וואָס מען הויבט־אָפּ פון קעז, און אין אַ יאַטקע — אָפּפאַלעכץ פון אַלטע פליישן, פאַרלעגענע פעטס, ביינער, אָכלאַפּעס.

— דאָס איז נאַרונג פאַר מײַנע ווערים, — האָט דער מאַן דערקלערט, ווי ער האָט אַרײַנגעלייגט דאָס פעטס אין אַ זאַק.

בײַם ראַנד פון שטעטל הויבט זיך אָן דער שטאָטישער וואַלד. דאָרט, נישט ווײַט פון אַ לויפנדיק טײַכל, איז פאַראַן אַ ליידיקער פּלאַץ, וואָס די שטאָט האָט אָפּגעטיילט פאַר ציגײַנער־לאַגערן. אַ פּאָר אַלטע, האַלב־אײַנגעפאַלענע כאַלופּעס זײַנען דאָרט געשטאַנען, בײַדלעך אויף אָפּצולייגן אין זיי היי. אין איינער פון די כאַלופּעס האָט דער זשאַבע־מאַן געהאַט זײַנע טונען, פעסער און באַליעס מיט די אַלערליי זשאַבעס און ווערים, וואָס ער האָט אויסגעבריט.

דער קליינער אַדאָלף האָט געפילט אַ שווערע, פײַכטע לופט, וואָס נעמט אים אַרום און דריקט אים דעם גאָרגל. ער האָט אָבער באַלד זיך צוגעוויינט

צום אַויר, וואָס האָט אָנגעפּילט די קאַמער, ווי זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן זען און דערקענען זאַכן אין דער געדיכטער טונקלקייט. דער זשאַבע־מאַן האָט אים געגעבן אַ שטיק ברויט מיט אַ שטיק בלוט־קישקע. דער קליינער אַדאָלף, ווי דער זשאַבע־מאַן, האָט דאָס געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. נאָכ־דעם ווי זיי האָבן ביידע זיך געזעטיקט און אָנגעטרונקען זיך מיט היימיש־געברויזטן ביר, האָט דער זשאַבע־מאַן געוויזן אַדאָלפן זיינע חיות.

אַ הויכער, ברייטער טון פון פאַרשימלטן האָלץ, וואָס פּויערים דריקן אין דעם טרויבן, איז געווען אָנגעפּילט מיט אַ געדיכטער, טונקעלער, איינ־געגליוווערטער סובסטאַנץ, נאָר די בלעזלעך, וואָס האָבן פון צייט־צו־צייט אויפגעבלעזלט אויף דער אויבערפלאַך פון דעם פּראָטאָפּלאַזמישן שטאָף, האָבן פאַרראַטן זיין פּליסיקע נאַטור.

— דאָ געפינען זיי זיך, דאָס איז די וועלט, — האָט געזאָגט דער זשאַבע־אויסבריער.

— די וועלט ? — האָט דאָס אינגל געפרעגט מיט וואונדער.

— יאָ, די וועלט, און אַלע אירע ברואים געפינען זיך דאָ, די קליינע און די גרויסע, די פרעסער און די געפרעסענע, — האָט געזאָגט דער מאַן מיט אַ גרינעם ליכט אין זיינע אויגן און אַ שמייכל אויף זיין באַוואָנצטער ליפּ. — ווילסט זען ?

— יאָ.

דער מאַן איז צוגעגאַנגען צו אַ ווינקל פון דער קאַמער, האָט גענומען אַ זאַק און אויסגעשאָטן די ערד, וואָס איז געווען אין אים. אַ פייכטער דאַמף איז אויפגעגאַנגען פון דער ערד — און דאָס אינגל האָט געזען, ווי פאַרשיידענע ווערים הויבן אָן אַרויסקריכן פון דאָרט, שלענגלדיקע, אָנ־געגאָסענע מיט בלוט־פעטקייט, לייכעצדיקע, גלאַנציקע, שוואַרץ־טינטיקע.

דער מאַן האָט גענומען אַ הויפן מיט ווערים און אַריינגעוואָרפן אין דער באַליע אַריין. עס האָבן מיטאַמאָל זיך געגעבן אַ הויב אַרויס קעפּ פון זשאַבעס, יאַשטשערקעס, עקדישן אין אַלערליי פאַרבן און פאָרמעס. טייל האָבן געהאַט קעפּ מיט שטייפע קאַמען, ווי זעגן, אויף זייערע רוקנס ; טייל האָבן געהאַט קורצע, געשפּיצטע מיילער ; אַנדערע — ברייטע, פיר־קאַנטיקע, גרויסע מיילער. און די אַלע מיילער האָבן זיך אויפגעעפנט און אַריינגעכאַפּט די ווערים, האָבן געביסן, געריסן זיך, ביז זיי זיינען פאַר־שוואונדן מיט זייערע ביסנס אין דער טיפעניש פון דעם געדיכטן שטאָף אין דער באַליע.

— איצט וועסטו זען, ווי די פּרעסער ווערן געפּרעסן, — האָט דער זשאַבע־מאַן געזאָגט.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַן אַנדער טון, וואָס איז געווען אָנגעפּילט מיט וואַסער, און האָט אַריינגעוואָרפן אַהין אַ שטיק פאַרעלטערטע פלייש, וואָס ער האָט געהאַט געבראַכט פון דער יאַטקע. אַ ים־חיה, אַ יונגער מילך־קראָקאָדיל, אַ האַנט די גרויס, איז אויפגעשוואומען מיט זיין פּרוכטבאַר מויל און האָט איינגעשלונגען דאָס שטיק פלייש. דער זשאַבע־מאַן האָט דעמאָלט אַריינגעשטעקט זיין האַנט אין דער באַליע, קונציק אַ כאַפּ־געטאָן דעם קראָקאָדיל, אים אַרויסגענומען און אַריינגעוואָרפן אין דעם אַנדערן טון פון די זשאַבעס, די עקדישן, די דראַכעס. באַלד איז אין דעם טון געוואָרן אַ גאַנצע סומאַטאָכע: פאַרשיידענע מינים זשאַבעס זיינען אַרויפגעקומען פון דער טיפעניש און האָבן אָנגעהויבן זיך דראַפּען, שפּרינגען און קריכן אַרויף, צום ראַנד פון טון, זיי זיינען אָבער צוריקגעפאַלן, מחמת די ווענטלעך פון טון זיינען געווען באַדעקט מיט אַ פעטס, וואָס האָט זיי געמאַכט גליטשיק, נישט צום האַלטן זיך דערויף. דער מילך־קראָקאָדיל איז געלעגן אויפן גרונט פון טון, אומבאַוועגלעך, שטיל, ווי טויט, נאָר קוים איז אַ בריאה צוגעקומען גענוג נאָענט פאַר אים זי אָנצוגרייפן, האָט ער דאָס מויל אויפגעעפנט און מיט איין כאַפּ די בריאה האַלב איינגעשלונגען.

— כאַ־כאַ! — האָט דער זשאַבע־מאַן געלאַכט און געשווינד אַרויסגעכאַפּט דעם קראָקאָדיל פון טון.

אַדאָלף איז געבליבן שטיין, האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער זעט. ער האָט נאָר טונקל פאַרנומען מיטן חוש, אַז עפּעס אַנטפּלעקט זיך דאָ פאַר אים, וואָס איז זייער, זייער וויכטיק און ער וועט עס מוזן פאַרגעדענקען.

— דער איז דער גרויסער פרעסער. עס זיינען פאַראַן נאָך גרעסערע פאַר אים, וואָס וועלן אים אויפפרעסן. דאָ איז ער דער קעניג. האָסטו געזען, מיין אינגל, ווי ער ליגט זיך רואיק און וואַרט־אָפּ זיין קרבן? ער האָט נישט וואָס צו איילן זיך. ער ווייס, דער ביסן וועט מוזן אים קומען אין מויל אַריין. עס איז נישטאָ קיין אַנטרינען פאַרן עקדישל, וואָס געפינט זיך מיט אים אין איין טון. ער פאַרלאָזט זיך אויף זיינע ציין. ווילסטו זען זיינע ציין? — דער זשאַבע־אויסבריער האָט צוגעדריקט דעם קראָקאָדילס האַלדז און אים געצוואונגען עפענען דאָס מויל. — זעסט זיינע ציין? שאַרף, מיין אינגל, דיינע ציין, שאַרף זיי. ווער עס האָט שאַרפערע ציין, דער פרעסט.

— אָבער מענטשן פּרעסן נישט איינס ס׳אַנדערע? — האָט דאָס אינגל געזאָגט.

— מענטשן? אַלץ, וואָס לעבט, פּרעסט איינס ס׳אַנדערע. נאָר דער שטאַרקערער ווערט נישט געפּרעסן.

— דער גלח זאָגט, מענטשן מוזן ליב־האָבן איינס ס׳אַנדערע, ווייל אַזוי האָט אונדז יעזוס געהייסן.

— דאָס איז אויך אַזאַ מין פּרעסן. דאָס פּרעסט די קירך אירע גלוביקע. און דאָס האָבן אַלץ די אידן אויסגעטראַכט, כדי איבער אונדז צו הערשן.

— אידן? ווי אַזוי?

— איז נישט יעזוס געווען אַ איד, איינער פון זיי? דאָס האָבן די אידן אויסגעטראַכט אַט־די ליבע פון יעזוס, כדי אַזוי אַרום צו הערשן דורכן גלח און דורך דער קירך איבער אונדז אַלעמען. דאָס איז אַ אידיש שפּיצל. זעסטו, אינגל, ווען איין חיה האָט נישט קיין שאַרפע ציין מיט וואָס צו פּרעסן, אַזוי זוכט זי אַנדערע מיטלען. אַט ווי די־אָ... — ער ווייזט דעם אינגל אָן אויף אַ בינטל שלענגלעך, וואָס ער וואַרפט זיי אויף אַ חיהלע. אין אַ רגע האָט איינס פון די שלענגלעך אַרומגעוויקלט זיך אַרום דעם חיהלע. — זעסטו, חיות האָבן אַ סך מיטלען ווי אַזוי צו פּרעסן, דאָס אייגענע אויך מענטשן.

דאָס אינגל האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער זשאַבע־אויפציער האָט אים געזאָגט. ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרכאַפּט פון דעם אייגענעם געפיל, וואָס דער זשאַבע־מאַן האָט אַרויסגערופן אין אים מיט זיינע רייד איבער יעזוסן: דאָס איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס דאָס אינגל האָט אים געהערט רעדן קעגן יעזוסן.

— איר האָט נישט ליב יעזוסן? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס איז דאָ פאַראַן ליב צו האָבן? דערפאַר ווייל ער האָט זיך געלאָזט שלאָגן, פּייניקן און טויטן, ווי אַ איד? ווען ער וואָלט נישט געווען קיין איד, נאָר אַ דייטש, ווי מיר זיינען, וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט געלאָזט שלאָגן און פּייניקן אויפן האָלץ, נאָר ער וואָלט געשלאָגן און געטויט אַנדערע. נישט אמת? האָסטו שוין געזען, אַז אַ דייטש זאָל זיך לאָזן שלאָגן און פּייניקן — און נישט געבן צוריק? וואָלסטו זיך אויך געלאָזט שלאָגן? וואָלסטו נישט געווען בראָוו, ווי אַ דייטש איז?

— אָ, ניין! — האָט דאָס אינגל אויסגעשריגן. — איך וואָלט זיך קיינ־מאָל נישט געלאָזט שלאָגן. יאָ, מיר דאַכט זיך אויך אַזוי, דער יעזוס הייסט

אונדז נאָר פאַרגעבן, גוט זיין און קיינמאָל נישט צוריקשלאָגן. דאָס איז מיר שוין פון לאַנג נישט געווען געפעלן. איך האָב נאָר מורא געהאַט אַזוי צו זאָגן, ווייל אַלע ביי אונדז האָבן ליב יעזוסן און גלויבן, אַז ער איז גאָט.

— דאָס האָבן אַלץ די אידן אויסגעטראַכט, מיט די גלחים, כדי אונדז שוואַך צו מאַכן, פאַרשטייסט, מיין אינגל? דאָס איז אַ מיטל פון דעם שוואַכן, וואָס האָט נישט קיין ציין אויף צו בייסן. דו מוזט אָבער האָבן ציין אויף צו בייסן — און דעמאָלט קאָנסטו פרעסן. ווי דער קראָקאָדיל איז דער קעניג פון אַלע זשאַבעס און יאַשטשערקעס, אַזוי מוזטו זיין דער קעניג פון מענטשן. דו זאָלסט זיי פרעסן, אַנישט וועלן זיי דיך פרעסן.

— איצט מוז איך אַהיימגיין, מיין פאָטער וועט באַלד קומען פון צאַל־הויז.

— האָסט מורא פאַר דיין פאָטער? — האָט דער זשאַבע־מאַן געפרעגט מיט אַ וואונק פון אויג.

— איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט! — האָט דאָס אינגל גע־ענטפערט מיט שטאָלץ.

— דאָס איז בראַוו. זאָלסט פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן.

— אויך פאַר מיין פאָטער און מוטער נישט?

— אויב דו האָסט פאַר וועמען מורא, קאָנסטו זיין נאָר אַ געפרעסענער, נישט קיין פרעסער. די גרויסע חיות האָבן פאַר קיינעם קיין מורא נישט.

— אויך נישט פאַר פאָטער און מוטער? אויך נישט פאַר גאָט?

— אויב דו האָסט פאַר וועמען מורא, אַזוי מוזטו אים געהאָרכן און טאָן, וואָס ער הייסט דיר, נישט וואָס דו ווילסט, — און דו ווילסט דאָך טאָן זאַכן, וואָס דו ווילסט און האָסט ליב, נישט אַזוי?

— יאָ, יאָ.

— דערפאַר זאָלסטו פאַר קיינעם ניט מורא האָבן, נאָר שטענדיק טו וואָס דו ווילסט אַליין. דעמאָלט קאָנסטו ווערן אַ גרויסע חיה, די גרעסטע פון אַלע חיות, וואָס פרעסט אַלעמען, אָבער אַליין ווערט זי קיינמאָל ניט געפרעסן, ווי דער קראָקאָדיל דאָ ביי מיר. און דו וועסט ווערן דער קייסער פון דייטשן רייך.

— וואָס וועל איך ווערן? — האָט דער קליינער אַדאָלף געפרעגט אין געלעכטער.

— לאַך נישט! דאָס איז זייער אַן ערנסטע זאַך, וואָס איך זאָג דיר, און דו זאָלסט עס געדענקען שטענדיק, שטענדיק.

— וואָס זאָל איך געדענקען? — פרעגט שוין דאָס אינגל אין ערנסטן שמייכל.

— אַז דו מוזט ווערן דער קייסער פון דייטשן רייך.

— ווי אַזוי? — פרעגט שוין דאָס אינגל אין אַ שטוינענדיקן ערנסט.

— דורך דעם, וואָס דו וועסט פאַר קיינעם איצט קיין מורא נישט האָבן, פאַר קיינעם נישט. נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייט. און דו וועסט גלויבן אין זיך, אַז דו ביזט געבוירן צו ווערן אַ הערשער איבער אַלע מענטשן, און דו האָסט אַ רעכט צו באַפעלן און צו הערשן איבער אַלע, נאָר קיינער נישט איבער דיר. האָסט מיך פאַרשטאַנען?

דאָס אינגל האָט צוגעשאָקלט מיט זיין קאָפּ אויף יאָ, אָן אים אָפּצו־ענטפערן, און קלייבט זיך אָפּצוקערן.

— ווען קומען מאָרגן? — פרעגט דער מאַן.

— יאָ, מאָרגן, — האָט דאָס אינגל פעסט געענטפערט.

— דאָס איז בראַוו. אָבער זאָג גאָרנישט דיין פאָטער פון דעם, אַז דו ביזט דאָ געווען. מוזסט אויך קלוג זיין, ווי דאָס קליינע שלענגל, וואָס איך האָב דיר געוויזן: האָסט געזען, ווי עס וויקלט זיך אַרום דאָס חיהלע מיטן עק? דער מוטער מעגסטו גריסן פון מיינעט וועגן, אָבער מאַך עס אַזוי, אַז דער פאָטער זאָל עס נישט הערן, — האָט דער זשאַבע־מאַן געזאָגט מיט אַ וואונק פון אויג.

— יאָ, יאָ, — האָט דאָס אינגל געענטפערט מיט אַ פאַרשייטן בליק, וואָס נאָר פריצייטיק־אַנטוויקלטע קינדער קאָנען פון זייערע יונגע אויגן אַרויסברענגען. — איך האָב אויך בעסער ליב מיין מאַמען ווי מיין טאַטן. איך האָב אים גאָרנישט ליב, — האָט דאָס אינגל געענדיקט און איז אַרויס־געלאָפן פון ביידל.

ער איז אַהיימגעקומען פאַרשוויצט און שמוציק, אָבער באַצייטנס, איידער נאָך דער פאָטער איז געקומען פון דער אַרבעט. די מוטער, באַ־זאָרגט איבער זיין זאַמען־זיך פון שול, האָט אים געפרעגט:

— וואו ביזטו געווען? זע ווי דו זעסט אויס.

— אָ, מאַמע, האָב איך געזען אינטערעסאַנטע זאַכן! איך האָב געזען ווי חיות עסן איינס ס׳אַנדערע—און דער קראָקאָדיל עסט זיי אַלע.

— וואָס האָסטו געזען? וואו ביזטו דאָס געווען? — האָט פלעצל, אַ בלייך־געוואָרענע, אים געפרעגט אין טויט־שרעק.

— איך בין געווען אין וואַלד, ביי דעם מאַן, וואָס בריט אויס חיהלעך. ער האָט מיר געזאָגט, ער קען דיך. ער איז אַ קרוב. ער האָט מיר געהייסן דיך לאָזן גריסן.

— אין גאָטס ווילן, דערציייל גאָרנישט דעם טאַטן דערפון! — האָט פּלעצל אַרויסגעזאָגט אין דער הויך איר ערשטע זאָרג.

— יאָ, מאַמע, דער מאַן האָט מיר אויך געזאָגט, אַז איך זאָל נאָר דיר דערציילן, נישט דעם טאַטן! ער האָט נישט ליב דעם טאַטן.

— שווייג, אין גאָטס ווילן! דו טאָרסט דעם מאַן נישט זען, טאָרסט נישט גיין אין וואַלד אַריין, טאָרסט אים מער נישט זען!

— פאַרוואָס, מאַמע? ער געפעלט מיר זייער.

— שווייג! — זי האָט פאַרשטעלט מיט דער האַנט דאָס מויל, האָט אים צוגעשלעפּט צום וואַש־שיסל און אָפּגעווישט מיט אַ פייכטער שמאַטע דאָס פּנים. — שווייג, קיין וואָרט נישט מער! נעם זיך צו דיין שול־אַרבעט, אַז דער טאַטע זאָל גאָרנישט באַמערקן.

— יאָ, מאַמע, — האָט דאָס אינגל געזאָגט מיט אַ וואונק פון אויג, ווי ער וואָלט איינגעגאַנגען מיט איר אין אַן אָפּמאַך, זיך צוגעזעצט צום טיש און זיך אַ נעם געטאָן צו זיינע ביכלעך.

דאָרט,ביים טיש, האָט דער צאָל־באַאַמטער אים געטראָפן, ווען ער איז באַלד אָנגעקומען. מוטער און זון האָבן פאַרשוויגן פון אים די מעשה מיטן וואַלד, — די ערשטע קאָנספּיראַציע פון די צווי קעגן דעם אַלטן.

שפּעטער אין אָוונט, ווען דער צאָל־באַאַמטער איז אַרונטערגעגאַנגען אין ווירטהויז פאַר זיין „שטינדכען" פון שפּריץ און ליולקע, האָט די מוטער ווידער גענומען רעדן מיט איר זון:

— אַדאָלף, דו הערסט! טאָרסט מער קיינמאָל נישט זען דעם מאַן, מער קיינמאָל נישט אַרויסגיין אין וואַלד אַריין צו אים! קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט! — האָט זי גערעדט מיט אַ פעסטקייט, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון אירע אויגן.

— פאַרוואָס, מאַמע? איך האָב אים גערן. דער מאַן ווייזט מיר אַזעלכע אינטערעסאַנטע זאַכן און רעדט צו מיר אַזעלכע געשייטע רייד, ווי איך וואָלט געווען אַ דערוואַקסענער מאַן.

— פרעג מיך נישט, מיין קינד, פרעג מיך נישט. דו מוזט מיר צו־זאָגן, אַז דו וועסט מער קיינמאָל נישט זען דעם מאַן.

— דאָס קאָן איך דיר נישט צוזאָגן, מאַמע, — האָט דאָס אינגל געזאָגט

איבער דער שיסל, וואו די מוטער האָט געהאַלטן אין אַרומוואַשן דעם שמוץ פון זיין לייב.

— איך באַפעל עס דיר, קינד!

— דער מאַן האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל פון קיינעם נישט אָננעמען קיין באַפעלן, איך זאָל נאָר טאָן, וואָס איך וויל.

— אויך פון דיין פאָטער און מוטער נישט?

— יאָ, אויך פון פאָטער און מוטער נישט.

— אַזוי האָט ער דיר געזאָגט? — האָט פלעצל איבערגעפרעגט, אַ פאַר־טראַכטע.

— יאָ, מאַמע.

— און דו, מיין קינד, וועסט אים האָרכן?

— איך גלויב, עס איז זייער קלוג, וואָס דער מאַן זאָגט.

— און וואָס גאָט הייסט?

— דער מאַן זאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין גאָט. עס זיינען נאָר דאָ חיות, וואָס פרעסן איינס ס׳אַנדערע, און די חיה, וואָס האָט די שאַרפסטע ציין, זי פרעסט און ווערט נישט געפרעסן.

— אַזוי האָט ער געזאָגט, דער מאַן?

— יאָ.

— און דו גלויבסט עס?

— איך גלויב, עס איז זייער געשייט.

פלעצל האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דאָס פלעמל אין אירע אויגן איז ליכטיקער און שפּיציקער געוואָרן.

— און דער ליבער האַר יעזוס? — האָט זי געפרעגט.

— יעזוס — דאָס האָבן די אידן אויסגעטראַכט, אַז ער איז אַ גאָט, ווייל ער איז אַליין געווען אַ איד.

— אַזוי האָט ער געזאָגט?

— יאָ, מאַמע.

— און דו גלויבסט עס?

— איך גלויב, אַז ער האָט רעכט. דער יעזוס הייסט שטענדיק טאָן זאַכן, וואָס איינער וויל נישט — און מער גאָרנישט.

פלעצל איז שטיל געוואָרן. זי האָט דעם אָטעם איינגעהאַלטן און גע־קוקט ערגעץ־וואו מיט אַ פאַרקלערטן בליק.

— וועסט מער נישט גיין צו אים!

— פֿאַרוואָס ? איך וויל גיין צו אים.

זי האָט אָפּגעשטופּט פֿון זיך איר קינדס קאָפּ, איידער זי האָט פֿאַר־ענדיקט צו וואַשן אים, און זיך אַ נעם־געטאָן ענערגיש צו איר אַנדערער אַרבעט אין הויז.

— און נאָך עפּעס האָט ער געזאָגט... נאָר דאָס וועל איך קיינעם נישט זאָגן, קיינעם נישט. דאָס איז נאָר פֿאַר מיר אַליין, — האָט דאָס אינגל געזאָגט צו זיך אַליין.

די מוטער איז בלייך געוואָרן פֿאַר שרעק.

— וואָס אַזעלכעס האָט ער דיר געזאָגט ?

— אַז איך וועל אַמאָל ווערן קייסער איבער דעם גאַנצן דייטשן רייך און איבער דער גאַנצער וועלט, ווען איך וועל וועלן ! — האָט דאָס אינגל זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן.

— שווייג, וואָרים איך וועל דיך דערשטיקן ! — האָט די מוטער אויס־געשריען און פֿאַרמאַכט מיט איר האַנט איר זונס מויל.

זעקסטער קאַפּיטל

# דער קליינער אַדאָלף דערקענט זיין אמתן פֿאָטער

עס האָט נישט געהאָלפֿן קיין אָפּשרעקן, קיין בעטן ; אַלץ, וואָס די מוטער האָט נישט געטאָן הינטער דעם פֿאָטערס פּלייצע, סיי מיט גוטן, סיי מיט בייזן, צו פֿאַרווערן איר זון אַרויסצוגיין צום זשאַבע־מאַן, איז געווען בחינם. עס האָט דאָס אינגל געצויגן צו אים. אַן אינעווייניקסט געפֿיל האָט אים פֿאַררוימט, אַז דער מאַן געהער זיך אים נעענטער אַן איידער זיין פֿאָטער. די שטים פֿון בלוט־ירושה האָט גערעדט אין דעם אינגל און אים געצויגן צום מאַן. קוים איז ער אַרויס פֿון דער שול, איז זיין ערשטער אימפּולס געווען — אין וואַלד אַריין ! ער איז באַקאַנט גע־וואָרן מיט דעם מאַנס פֿאַך, האָט אים געהאָלפֿן גראָבן ווערים פֿון דער ערד, סאָרטירן די ווערים — די דיקערע, די פֿעטע, צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר פֿיש־כאַפּן, די אַנדערע — צו וואַרפֿן פֿאַר שפּייז צו די פֿאַרשיידענע ברואים ; ער האָט זיך צוגעקוקט צום קאַמף, וואָס עס פֿירן די יאַשטשערקעס מיט די שלאַנגען, די זשאַבעס מיט די יאַשטשערקעס, האָט פֿאַרשטאַנען, באַ־

נומען מיטן שכל די מלחמה פון די חיהלעך, האָט דאָס אַלץ מער ליב־געקראָגן און זיך געפרייט דערמיט.

מען האָט באַלד גענומען באַמערקן אין דעם אינגל די נייע שטריכן, וואָס דאָס אומגיין מיט די חיות האָט אויסגעבילדט אין זיין כאַראַקטער. מען האָט עס באַמערקט סיי אין שול, סיי אין דער היים. אַחוץ וואָס ער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין לערנען, זיינע שול־אַרבעטן, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַן אוממענטשלעכע אכזריות צו די שטוביקע חיות, אַ סאַטאַנישע פרייד ביים צוקוקן זיך צום צער פון די ברואים, וואָס ער האָט געפייניקט. אַזוי פלעג ער כאַפּן אַ פויגל און אים נישט טויטן אויפן אָרט, נאָר אַריינלאָזן אין אַ שטייג און די שטייג מיטן פויגל אונטערשטעלן דער קאַץ פון הויז. זיין פרייד איז געווען זיך צוצוקוקן, ווי די קאַץ דרייט זיך אַרום דער שטייג פון אַלע זייטן, פּרואווט אַריינשטעקן אירע לאַפּעס דורך די דרעטלעך, — און דער פויגל אינעווייניק פלאַטערט פון ווינקל צו ווינקל, ווערט פאַר שרעק אָנגעבלאָזן; די פעדערן שטעלן זיך ביי אים אויף, יעדער פעדערל באַזונדער, און ער פאַרמאַכט די אויגן, דערוואַרטנדיק דעם טויט. דאָס אינגל שטייט דערביי און רייצט אָן די קאַץ אויפן פויגל, ביז דער פויגל פאַלט אַוועק פאַר פחד. אָדער ער האָט גענומען די זעלבע קאַץ, זי אויפ־געהאָנגען פאַר די פיס, מיטן קאָפּ אַראָפּ, צו אַ צווייג פון אַ בוים, און האָט צונויפגעבראַכט די הינט פון הויף און זיי אָנגערייצט אויף דער קאַץ. ער האָט זיך צוגעקוקט ווי די קאַץ ווערט זיך, צאַפּלט זיך אין טויט־שרעק, און נאָכגעקרימט איר גוססדיקן „מיאַו"... אַ באַלעגאָלע פון איינפאָר־הויז האָט עס איינמאָל דערזען, האָט ער אים אַוועקגעיאָגט מיט דער בייטש און באַפרייט די קאַץ.

עס איז באַלד באַוואוסט געוואָרן פון דעם אינגלס אכזריות אויך אין שול. ער פלעגט מיטברענגען מיט זיך אין שול אַריין יאַשטשערקעס און ווייזן די קינדער זייערע שאַרפע ציין; האָט געכאַפּט אינסעקטן, פליגן, שפינען, ווערימלעך, און געשפייזט מיט זיי די יאַשטשערקעס. אין אָנהויב האָבן די אינגלעך אַרויסגעוויזן אינטערעס צו דעם מאָדנעם שפּיל, וואָס זייער חבר האָט מיט דער יאַשטשערקע און די ווערים, און אים אַפילו מקנא־געווען זיין אויסטערלישן אוצר. וויבאַלד אָבער זיי האָבן איינגעזען די רשעותדיקע הנאה, וואָס דאָס אינגל האָט געהאַט ביים אַרויסלאָזן די יאַשטשערקע אויף די ווערים, האָט דער קינדערשער אינסטינקט אין זיי געטומען פּראָטעסטירן. זיי האָבן דערפילט עפּעס אומריינס אין דעם אינגל

און געמיאוסט זיך צו האָבן מיט אים צו טאָן; זיי האָבן זיך דערווייטערט פון אים און גערופן אים „זשאַבע־מאַן“, אויפן נאָמען פון דעם מאַן אין וואַלד.

איזאָלירט אין שול, פרעמד אין דער היים, האָט דער קליינער אַדאָלף נאָך מער זיך דערנעענטערט צום זשאַבע־מאַן אין וואַלד, זיך ממש באַהאַפטן אָן אים. נישט נאָר איז דער זשאַבע־מאַן געוואָרן דער איינציקער מענטש אין דער וועלט, וואָס ער האָט זיך געפילט גוט מיט אים און געפונען ביי אים אַ פאַרווייילונג, לויט זיין אייגענעם גוסט; דער זשאַבע־מאַן איז אים געוואָרן דער איינציקער מענטש, וואָס איז אים געווען נאָענט, פאַמיליאַריש. ער האָט קיינמאָל נישט געפילט קיין נאָענטקייט צו זיין פאָטער, ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט רעדן מיט זיין פאָטער. אָבער דער פאָטער האָט דאָס אינגל נישט אָנגעזען, אים קיינמאָל קיין אויפמערקזאַמקייט נישט געשענקט, — און ווען יאָ, האָט ער געהאַלטן אין איין בייזערן זיך אויף אים, אין איין באַפעלן, אין איין שטראָפן אים פאַר פאַרברעכן. ער האָט, דעריבער, געבראַכט דעם זשאַבע־מאַן זיינע געפילן, ווי אַ קינד ברענגט זיינע געפילן צו אַ פאָטער. פאַר אים האָט דאָס אינגל פאַרטרויט זיינע געדאַנקען, זיין ליידן, פאַר אים האָט ער זיך געקלאָגט, וואָס די חברים אין שול מיידן אים אויס, איזאָלירן אים.

— עס שאַדט נישט, מיין אינגל, — האָט דער זשאַבע־מאַן אים געטרייסט. — דו מוזט זיי לאָזן פילן דיינע ציין. דעמאָלט וועלן זיי שוין דיך רעספּעקטירן, — אויב נישט פון ליבע וועגן, איז פאַר מורא.

— אָבער ווי אַזוי?

— דו מוזט האָבן שאַרפערע ציין ווי זיי, שפּיציקערע נעגל, אַז דו זאָלסט קאָנען זיך איינבייסן אין זייער פלייש מיט דיינע ציין און נעגל, ווי מיין קליינע ניי־זידעלער יאַשטשערקע.

— אָבער ווי אַזוי קאָן איך שאַרפן מיינע ציין?

— דורך פיינט־האָבן די, וואָס זיינען קעגן דיר. ווייל פיינטשאַפט שאַפט קראַפט, ענערגיע, פוריע. האָסטו נישט געזען אַ קאַץ, אָדער אַן אַנדער חיה, ווי זי ווערט אָנגעבלאָזן, ווען זי דערזעט אירן אַ שונא? דאָס ווערט זי אָנגעבלאָזן מיט קראַפט, וואָס די פיינטשאַפט גיט איר. פיינטשאַפט גיט מאַכט. דערפאַר, מיין אינגל, האָב פיינט, שטאַרק פיינט, מיט דיין גאַנצן לייב־און־לעבן האָב פיינט דעם, וואָס איז קעגן דיר. דעמאָלט וועסטו האָבן מער מאַכט ווי ער. האָסט פאַרשטאַנען?

— יאָ, יאָ, — האָט דאָס אינגל געשאָקלט מיטן קאָפּ. — די חיות טוען אויך דאָס זעלבע, איך האָב עס אָפּט באַמערקט.

— און ווען דו וועסט זיי פּיינט האָבן מער ווי דיין שונא האָט פּיינט, וועסטו שטאַרקער זיין פון אים. די חיה, וואָס קאָן מער פּיינט האָבן, האָט די שאַרפּסטע ציין און די שפּיציקסטע נעגל, אָט ווי די קאַץ. דערפאַר, מיין אינגל, האָב פּיינט, האָב פּיינט מיט אַלע דיינע כוחות! זוך פּיינט צו האָבן און גיב קיינמאָל נישט נאָך! דעמאָלט וועסטו זיין דער שטאַרקסטער פון אַלעמען און וועסט הערשען איבער אַלעמען; דעמאָלט וועסטו אַליין זיין דער פרעסער און די אַנדערע וועלן געפרעסן ווערן.

דאָס אינגל האָט זיך צעלאַכט פאַר פרייד.

— איר רעדט צו מיר ווי קיינער נישט. מיין פאָטער רעדט קיינמאָל נישט אַזוי צו מיר. איך האָב אייך ליבער ווי מיין פאָטער. איר זענט מיר נעענטער, — האָט דאָס אינגל געזאָגט מיט געפיל.

— איך בין דיר נעענטער, מיין אינגל, וועסט עס וויסן שפּעטער. זאָג מיר נישט „איר", זאָג מיר „דו".

— „דו"? ווי אַזוי? אייך זאָגן „דו"?

— יאָ, „דו".

— איך קאָן אייך נישט זאָגן „דו". איר זענט עלטער פון מיר. איך שעם זיך.

— שעמען זיך איז גיטאָ וואָס. שעמען שעמען זיך שוואַכע און מייד־לעך. ווען אַ אינגל וויל הערשן איבער זיינע פּיינט, שעמט ער זיך קיינמאָל נישט. קוק מיר אין די אויגן און זאָג מיר „דו".

דאָס אינגל האָט געפאָלגט.

— אַזוי איז בראַוו. דו מוזט מיר זאָגן „דו", ווייל איך בין דיר אַ נאָענטער, זייער אַ נאָענטער.

— ווי אַזוי?

— דאָס וועסטו דיין מוטער אַמאָל פרעגן, אָבער טו עס אַזוי, אַז דיין פאָטער זאָל נישט הערן.

דאָס אינגל איז געבליבן שטיין מיט וואונדער אין זיינע אויגן.

— נו, וואָס ביסטו אַזוי שטיל געוואָרן?

— גאָרנישט, — האָט דאָס אינגל געזאָגט.

— נו, זאָג מיר „דו".

— דו, — האָט דאָס אינגל נאָכגעזאָגט.

— און זאָג דיין מוטער, אַז זי קאָן אַמאָל אַרויסקומען און מיר אַ זופּ אויפקאָכן. אָבער זאָג איר, ווען דיין פאָטער וועט נישט זיין דערביי. האָסט פאַרשטאַנען ?

— יאָ, — האָט דאָס אינגל געענטפערט, נאָך אַלץ פאַרוואונדערט.

— און איצט זאָג מיר נאָכאַמאָל „דו״.

— דו, — האָט דאָס אינגל איבערגעזאָגט, קוקנדיק דעם זשאַבע־מאַן אין די אויגן אַריין.

דער זשאַבע־מאַן האָט דעם אינגל געקוקט אין די אויגן אַריין:

— און געדענקסטו, וואָס איך האָב דיר געזאָגט ?

— וועגן וואָס ? — פרעגט דאָס אינגל.

— וועגן דעם, אַז דו וועסט וועלן וועסטו ווערן קייסער פון דייטשן רייך !

דאָס אינגל האָט דעם מאַן געקוקט אין די אויגן אַריין און אָפּגעענטפערט אַ פעסטן „יאָ !״ דער קליינער אַדאָלף האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אייגן וואָרט און מיטאַמאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַרויס פון דער קאַמער און געלאָפן מיט אימפּעט, אָן אָן אָטעם, אַהיים.

ער האָט געהערט הינטער זיך דעם זשאַבע־מאַנס געלעכטער.

דאָס מאָל האָט ער דער מוטער ניט דערציילט וועגן דעם, נאָר די ווערטער זיינען טיף אַריין אין דעם אינגלס האַרץ, און ער האָט שוין געקלערט וועגן דעם זיין גאַנץ לעבן לאַנג.

* * *

ווי געוויינלעך, איז דער צאָל־באַאַמטער געווען דער לעצטער געוואויר־צו־ווערן וועגן די באַציאונגען פון דעם קליינעם אַדאָלף צו דעם זשאַבע־מאַן. ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט זיינע פלענער איבער דער צייט. ווען ער וועט זיין אויף פּענסיע, אַז ער האָט נישט געזען, וואָס עס טוט זיך אַרום אים היינט. און אפשר האָט ער נישט געוואָלט זען. דער אַלטער האָט גע־האַלטן פון דעם כלל: „אַז מ׳קאָן נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער.״ פאַר דעם אינגל האָט ער קיין אינטערעס נישט געהאַט, (אין דער אמתן האָט ער פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך קיין אינטערעס נישט געהאַט, אַחוץ נאָר פאַר זיך, פאַר זיינע קליינע באַדערפענישן און פאַרגעניגנס). ער האָט נישט געוואָלט זיך לאָזן שטערן אין זיין רואיקייט, אין זיינע טעגלעכע געוואוינ־הייטן מיט אַ זאָרג וועגן אינגל. ער האָט געלעבט מיט די קליינע פריידן, וואָס דאָס טעגלעכע לעבן האָט אים געבראַכט, — זיינע מאָלצייטן, זיין

„שטינדכען“ פון שפריץ און ליולקע, זיין פיס־ווייקעניש פאַרן שלאָפן גיין, — וואַנדלענדיק די גאַנצע צייט אין אַ חלום וועגן דעם קליינעם הייזל ביים ברעג פון אַן אָזיערע אין וואַלד, וואָס ער האָט געפּלאַנט פאַר די יאָרן, ווען ער וועט לעבן אויף פּענסיע.

איז די גאַנצע זאָרג וועגן דעם אינגל געפאַלן אויף פּלעצלס פּלייצע, וואָס עס האָט נאָך שווערער געמאַכט איר שווערן געמיט. זי האָט געפילט, ווי די זינד, וואָס זי איז באַגאַנגען, הענגט ווי אַ שטריק אויף איר האַלדז און ציט זי אַראָפּ מיט איר קינד אין אַן אָפּגרונט אַריין. עס איז נישטאָ קיין אַנטלויפן פון דער זינד. די זינד פאַרלאַנגט שטראָף — און די שטראָף איז איצט געקומען פון דער פרוכט, וואָס זי האָט אַרויסגעבראַכט פון דער זינד. זי האָט געפילט, אַז די צייט פון צאָלונג איז געקומען, — און די צאָלונג איז אַ שרעקלעכע. זי האָט עס דערקענט און איינגעזען אין די שטרענגע פּנימער, אין די אומפּריינטלעכע בליקן, וואָס זיינען געוואָרפן געוואָרן אויף איר אין דער קיך פון ווירטהויז, פון אַלע געסט אין ווירטהויז, פון איר פּעטער און אַנדערע אַנשטענדיקע באַלעבאַטים. אַלע האָבן שוין געוווּסט און גערעדט דערפון, — פון דעם אינגלס וויזיטן אין וואַלד, פון זיין משונהדיקער, אָפּשרעקנדיקער אויפפירונג, פון זיין אכזריות, וואָס ער ווייזט אַרויס פאַר חיות. אַלע האָבן גערעדט וועגן דעם „שלעכטן בענקל“, וואָס איז באַזעצט געוואָרן פון טייוול. אַלע זיינען געווען פאַרביטערט איבער דעם אינגלס אַראָגאַנץ און עקשנות — און האָבן געלייגט די שולד פאַר דעם מער אויף דער מוטער ווי אויפן אינגל, וואָס זיי האָבן נישט פאַרפעלט צו געבן איר דאָס צו וויסן דורך בליקן, וואָס רעדן ווערטער, און אָנצוהערע־נישן, אַז „דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע“.

אין איר מיזערער בויט האָט זי ניט געוווּסט צו וועמען זי זאָל זיך ווענדן. זי האָט געקלערט צו גיין צום גלח און אים פאַרטרויען, אַז ער זאָל מדריך־זיין איר אינגל. זי האָט אָבער מורא געהאַט צו ווייזן איר פּנים פאַרן גלח: צו מודה־זיין איר זינד פאַר אים, וואָס זי האָט באַהאַלטן פון אים אַזאַ צייט, איז שוין געווען צו־שפּעט. זי וואַגט אַפילו נישט בעטן צו גאָט, וואָס קעגן אים האָט זי זיך געפונען צום מערסטן שולדיק, ווייל זי האָט מיטן שטן אַ קינד געהאַט — און איצט שלעפּט זי דער שטן נאָך זיך. אין איר פאַרלוירנקייט איז איר אָפטמאָל געקומען אויף דער מחשבה אויס־צורייסן דעם שטנס פרוכט. אָבער די פרוכט איז מער נישט געווען אין איר בויך. די פרוכט איז איצט געווען אַן אומאָפּהענגיק, אייגן לעבן, וואָס

איז געוואַקסן שטאַרקער און מעכטיקער פון טאָג צו טאָג. זאָל זי באַגיין אַ פאַרברעך קעגן איר אייגן פלייש און בלוט און אויסשרייען דערנאָך פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז עס איז געווען אַ קינד פון שטן?

ניין, זי האָט דאָס ניט געקאָנט ברענגען איבער זיך. נישט די קאָנ־סעקווענצן, וואָס אַזאַ אַקט וואָלט איר געקאָנט ברענגען, האָבן זי אָפּגע־שראָקן, — זי איז גרייט געווען, כדי אויסצומעקן איר זינד, אַלץ אַריבער־צוטראָגן, — נאָר זי האָט עס פשוט ניט געקאָנט טאָן. וויפיל מאָל זי איז ניט געווען, דאַכט זיך, פעסט אין דער דעה, אַז דאָס איז דער איינציקער דרך אויף צו ווערן פון אַלץ פטור, אָבער אויספירן האָט זי דאָס ניט געקאָנט. ביינאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט מיט געשרייען: די געדאַנקען וועגן איר קינד, מיט וועלכע זי האָט זיך אַרומגעטראָגן בייטאָג, האָבן זי געפּייניקט מיט בייזע חלומות אין איר שלאָף. ביי דער גאַנצער אכזריות, וואָס דאָס אינגל האָט געוויזן, ביי דער דערנידערונג און דער פאַרשעמטקייט, וואָס זי האָט געליטן איבער אים, איז ער איר דאָך טייער געווען: אַפילו פון שטן, איז עס פאָרט איר קינד, — און אפשר טאַקע האָט דאָס ליידן, וואָס דאָס אינגל האָט איר פאַרשאַפט, אים ערשט טיפער איינגעבאַקט אין איר האַרץ. זיך אַליין וואָלט זי געקאָנט אומברענגען, נישט איר קינד.

ביי אָט־דעם געמיט אירן האָט דאָס אינגל איר געבראַכט די שליחות פון דעם זשאַבע־מאַן:

— מאַמע, דער מאַן אין וואַלד זאָגט, דו זאָלסט אַרויסקומען צו אים און אים קאָכן אַ זופּ.

פלעצל איז בלייך געוואָרן, דערנאָך רויט, דערנאָך ווידעראַמאָל בלייך.

— אַזוי האָט ער דיר געזאָגט?

— יאָ, — האָט דאָס אינגל געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און איך זאָל עס דיר זאָגן, ווען דער טאַטע איז נישטאָ.

פלעצל איז שטיל געוואָרן.

— מאַמע, דער מאַן אין וואַלד איז אונדז אַ נאָענטער, פון דער פאַמיליע, ניין?

— אַדאָלף, איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט קיינמאָל ניט רעדן מיט מיר וועגן דעם מאַן און ניט אַרויסגיין צו אים. דו זאָלסט נישט . . . דו זאָלסט נישט . . . — און פלעצל איז באַפאַלן איר זון און האָט מיט די פויסטן אים געשלאָגן איבערן קאָפּ.

— אָבער פאַרוואָס, מאַמע? איך האָב אים גערן און דו האָסט אים אויך גערן.

— שווייג, דו!

— דער מאַן איז אונדזערער אַן אייגענער, אונדזערער, דיינער און מיינער, נישט דעם טאַטנס. נישט אמת? — האָט דאָס אינגל געמאָנט אַן ענטפער.

— שווייג, דו! — זי האָט אים פאַרשטאָפּט מיט דער האַנט דאָס מויל.

דאָס אינגל האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונטער איר האַנט און אויס־געפן פון דער ווייטנס מיט אַ פאַרשייט־שמייכלענדיקן וואונק:

— דער מאַן האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל דיך פרעגן, מאַמע!

— שווייג, דו, טייוול! — האָט פלעצל אויסגעשריגן און אירע אויגן זיינען געוואָרן שפּיציקע.

— איצט האָסטו מיר אויסגעזאָגט, מאַמע. די לייט רופן דעם מאַן אויך „טייוול", — האָט דאָס אינגל געזאָגט און געלאַכט דער מוטער אין פּנים אַריין.

פלעצל איז צוגעגאַנגען מיט פאַמעלעכדיקע טריט צום ווינקל, וואו דאָס אינגל האָט זיך באַהאַלטן. אירע האָר זיינען שטיין געבליבן ווי שפּילקעס, אירע פינקלדיקע אויגן און אירע הענט אויסגעקרימטע, מיט לאַנגע פינגער און שפּיציקע נעגל. דאָס אינגל האָט דערזען אין אירע פינגער די פינגער פון אַ חיה.

— שווערע טריט האָבן זיך געהערט אויף די טרעפּ.

— דער טאַטע קומט! — האָט דאָס אינגל אויסגערופן.

— טייוול! — האָט די מוטער אויסגעשריגן צו אים און איז אָפּגע־גאַנגען צו דער קיך־צו.

זיבעטער קאַפּיטל

# דער מוטערס טאַט

אַ גאַנצע נאַכט איז פלעצל געלעגן ביי איר מאַנס זייט אין בעט און האָט געטראַכט — דער טייוול איז געקומען פאָדערן דאָס זייניקע, דער טייוול זאָל עס באַקומען!

און זי האָט ווידער געקלערט, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון איר קינד. זי האָט אָבער באַלד ווידער איינגעזען, אַז ביי די אַלע לייד, ביי דער גאַנצער ביטערקייט, וואָס ער האָט איר געבראַכט, איז זי צו־שוואַך קעגן איר קינד. ניין, זי וועט עס ניט קאָנען טאָן! זי ווייס איצט, אַז זי וואָלט ניט פּייאיק געווען צו טאָן מיט אירע אייגענע הענט דאָס, וואָס זי האָט געהאַט בדעה צו טאָן. דאָס אינגל האָט זי געבונדן. ער געהער איר, אַזוי ווי ער איז,— פון דעם טייוול אָדער פון אַן אַנדערן, — ער איז איר פלייש־און־בלוט און זי איז אַן מאַכט קעגן אים. זי וועט אַוועקגיין פון דאַנען, זי וועט נעמען מיט זיך איר קינד, — איר מאַן האָט איר געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכ־קייט, אַז ער זאָל טראַנספּערירט ווערן אין אַן אַנדער שטאָט. דאָרט, אין דער אַנדערער שטאָט, וועט זי קיינער ניט קענען. זי וועט זען איר קינד אָפּצוראַטעווען, אויסצוהיילן אים פון די גיפטן, וואָס דער טייוול פאַרזייט אין אים. זי וועט אים האַלטן אין אַ שול, אין אַ העכערער שול, מיט אַנדערע קינדער. זי וועט בעטן די לערער, זי וועט רעדן מיטן גלח פון אָרט, זי וועט אַלץ טאָן איר קינד אָפּצוראַטעווען.

און וואָס וועט זיין, טאָמער וועט דער טייוול קומען פאָדערן דאָס זייניקע אויך אין דער אַנדערער שטאָט?

עס איז איר עפּעס איינגעפאַלן: פאַרוואָס נישט דעם טייוול אַליין אָפּ־פאַרטיקן? שאַ . . . וואָס האָט ער עס באַפוילן דורכן אינגל? „זאָג דער מאַמען זי זאָל אַרויסקומען און קאָכן מיר אַ זופּ!" — יאָ, דאָס איז עס טאַקע, דאָס איז די שטריק פון איר רעטונג, וואָס גאָט האָט איר צוגעוואָרפן אויף פּטור צו ווערן פון טייוול. האָבן זיי דען ניט געלעבט רואיק די גאַנצע צייט, וואָס דער מאַן איז געווען אַוועק? האָט זיך נישט דער אַלטער שוין געהאַט איינגעשטילט? ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן וואָס עס איז געשען, האָט געהאַט אַפילו געקראָגן אַן אינטערעס אין איר קינד, געזאָרגט פאַר זיין דערציאונג, אים אויסגעשטראָפט אַמאָל. און אַלע אַרום, — האָבן זיי זי נישט געהאַלטן אין כבוד? קיינער האָט מער נישט דערמאָנט מיט קיין וואָרט פון אַמאָל, ביז . . . ביז דער ציגיינער איז געקומען צוריק און האָט גענומען פאָדערן דאָס זייניקע.

אָפּראַמען דעם טייוול!..

ווי אַזוי?

„האָט ער ניט געזאָגט, אַז איך זאָל אַרויסקומען אין וואַלד אַריין אים קאָכן אַ זופּ? האַלט ער דאָרט ניט אין בלעכענע קאָנען סם פאַר מייז?

האָט ער מיר ניט איינמאָל אַליין געוויזן דעם סם? אָבער פון זיכערקייט וועגן וועל איך מיין אייגן ביסל סם מיטברענגען..."

ביי דעם איז זי איינגעשלאָפן.

דעם פרימאָרגן האָט זי זיך געפעדערט פריער ווי אַן אַנדערש מאָל. האָט אויפגעקאָכט פאַרן צאָל־באַאַמטן זיין פרימאָרגנדיקע קאַווע, האָט אויסגעבאַקט זיינע פרימאָרגנדיקע „קניידלעך"; דערנאָך האָט זי שוין איינגעפּאַקט אין זיין קערבל אַ שטיק קעז, אַ שטיק בלוט־קישקע, וואָס זי האָט אַרויסגעבראַכט פון ווירטהויז, אויף מיטצונעמען פאַר זיין מיטאָג־עסן אין צאָל־אַמט אַריין. ווען ער האָט שוין געהאַלטן דאָס קערבל אין האַנט, גרייט צו גיין, האָט זי געזאָגט:

— שיקעלגרובער, און וואָס איז מכוח דעם טראַנספערירן דיך אין אַ גרעסערער שטאָט? ווי האַלט עס מיט דעם? דאָס אינגל וואַקסט, ער מוז גיין אין אַ שול.

— דאָס אינגל וועט גיין אין דער שול פון דעם זשאַבע־מאַן, דאָרט אין וואַלד. די גאַנצע שטאָט רעדט דערפון, — האָט שיקעלגרובער אָפּגעזאָגט, ווי ער האָט איר געגעבן אַ קניפּ אין דעם ביניקן לייב אַריין.

פּלעצל האָט צוגענומען דעם קניפּ אַן דעם מינדסטן קרים אויף איר פּנים.

— דער זשאַבע־מאַן פון וואַלד וועט פאַרשווינדן, — האָט זי געזאָגט.

— האָסט עס מיר שוין איינמאָל געזאָגט, און דאָך איז ער געקומען צוריק.

— דאָס מאָל וועט ער נישט קומען צוריק.

— נו, דאָס וועלן מיר זען, — האָט דער צאָל־באַאַמטער געזאָגט און איר ווידער אַ קניפּ געטאָן, אָבער שוין ניט אויף איר ווי צו טאָן, נאָר פון זיין פאַרגעניגן וועגן.

* * *

דער ווינטער קומט פרי אין דעם טאָל פון די זאַלץ־בערג און דעם זאַלץ־קאַמער־גוט. שוין אָנהויב נאָוועמבער האָבן די גרויסע זאַווערוכעס גענומען אַראָפּברענגען דעם שניי פון די בערג אין טאָל אַריין. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָט געבלאָזן אַזאַ שניי־ווינט, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרשאָטן געוואָרן אונטער די בערג שניי און אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט פון שטעטל אַרויס, זיינען אָפּגעשניטן געוואָרן, פאַרוויייעט פון זאַווערוכעס. אויפן טאָג, ווען דער שניי האָט אויפגעהערט שיטן, האָבן די שליטנס קוים

אויסגעשניטן אַ וועג איבערן שטעטל. די איינוואוינער זיינען אַרויסגעקראָכן פון זייערע הייזער און האָבן אויפגענומען אויפסניי זייער טעגלעך לעבן. אויך די קינדער, וואָס די שניי־זאַווערוכעס האָבן זיי פּרייגעלאָזט פון דער שול, האָבן אויף שליטעלעך, אויף הילצערנע גליטשערס געאיילט צוריק אין שול אַריין. נאָך אַכט טעג איז דער שניי שוין געווען אַזוי האַרט און פאַרשטייפט פון דעם פראָסט און די שליטנס, אַז דער קליינער אַדאָלף האָט אין אַ שיינעם זוניקן נאָכמיטאָג זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיין שליטעלע אין וואַלד אַריין צו זיין פריינט דעם זשאַבע־מאַן, וואָס ער האָט פאַר דער גאַנצער צייט פון דער שניי־זאַווערוכע ניט געקאָנט צוקומען צו אים. מיט פיל שווועריקייטן האָט דער קליינער אַדאָלף זיך אַדורכגעשניטן מיט זיין שליטעלע דורך וואַלד־שטעגן צו דעםביידל, וואו דער זשאַבע־מאַן האָט געוואוינט. ער האָט געפונען די טיר פון ביידל פאַרהאַקט, טיף פאַרגראָבן אין אַ באַרג שניי, אָן קיין שפּור פון אַ טראָט אין ביידל אַריין אָדער אַרויס פון דאָרט. אַדאָלף האָט אַריינגעשריגן הויך אויפן קול אין ביידל אַריין:

— דו, פעטער! דו, פעטער! דו!

קיין שטימע האָט ניט אָפּגעענטפערט פון אינעווייניק.

מיט גרויס מי האָט ער דערלאַנגט צו דער טיר און מיט ביידע הענט גענומען קלאַפּן איר איר:

— דו, דו, דו, עפן!

קיין ענטפער איז ניט געקומען פון אינעווייניק.

ער האָט געפּרואווט די טיר, אָבער דער שניי איז הויך געלעגן איבער איר און די טיר האָט נישט נאָכגעגעבן. ער האָט נאָכאַמאָל גערופן און קיין ענטפער איז אַלץ ניט געקומען פון אינעווייניק. אין שרעק האָט ער אויסגעדרייט דאָס שליטל און איז געלאָפן מיט אַלע כוחות אַהיים.

— מאַמע, דער מאַן, אונדזער קרוב אין וואַלד איז ניטאָ מער, — האָט ער אויסגעשריגן, ווי ער איז אַריינגעלאָפן אין שטוב אַריין.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — האָט פלעצל געפרעגט לאַקאָניש.

— איך בין געווען אינדרויסן. די טיר איז פאַרשאָטן מיט שניי. האָב געקלאַפּט, געקלאַפּט אין דער טיר, אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט.

— ביסט דאָרט געווען? איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט ניט גיין אַהין, — האָט די מוטער געזאָגט אַזוי רואיק, אָן געבייזער, אַז דאָס אינגל האָט ניט געוואוסט וואָס צו טראַכטן.

— ווייסט דאָך, מאַמע, אַז איך האָב גערן צו גיין צום מאַן.

— האָסט עס, זאָגסטו, געזען?

— יאָ, מאַמע.

— און דער מאַן איז ניטאָ מער?

— ניין.

— נו, וואָס קאָנסטו טאָן, מיין אינגל? — האָט די מוטער געזאָגט, אַלץ רואיק און גלייכגילטיק.

— אָבער אַזוי פּלוצלונג פאַרשווינדן מיט די אַלע חיהלעך, זיך ניט געזעגנט גאָר, — האָט דאָס אינגל געזאָגט מיט צער, כמעט וויינענדיק.

— יאָ, ער טוט שטענדיק אַזוי אָפּ: ער קומט און ער גייט.

— מאַמע, וואָס פאַר אַ קרוב איז ער אונדז, איך מיין, דיר און מיר? האָסט עס מיר קיינמאָל ניט געזאָגט.

— דאָס וועסטו מוזן אים אַליין פרעגן, ווען דו וועסט אים טרעפן. אָבער איצט זעץ זיך אַוועק מאַכן דיין שול־אַרבעט. דיין פאָטער, — זי האָט אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט, — קומט באַלד אָן.

— איך האָב נישט געזען די שולע, מאַמע, — האָט דאָס אינגל געזאָגט.

— וועסט באַלד, מיין אינגל, גיין אין אַן אַנדער שולע. מיר פאָרן אין אַ גרעסערער שטאָט. דאָרט זיינען פאַראַן ריכטיקע שולעס, גימנאַזיעס.

— איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין מיטן מאַן אין וואַלד, זיך לערנען זיין פאַך פון אויסבריען חיות. איך האָב נישט געזען קיין שולעס.

— אויב אַזוי, מוזטו, מיין אינגל, אויסגעפינען וואוהין דער מאַן איז געגאַנגען, — האָט די מוטער אַלץ געזאָגט גלייכגילטיק, אָן געבייזער, וואָס דאָס אינגל האָט עס גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מען שוין געוואויר געוואָרן, וואָס עס איז געשען מיט דעם זשאַבע־מאַן. דער וואַלד־אויפזעער, וואָס האָט געהאַט באַמערקט דעם זשאַבע־מאַן אַ טאָג פאַר דעם שניי־שטורעם, האָט נאָכן שטורעם, ווען ער האָט דערזען די טיר אין ביידל פאַרלייגט טיף מיט שניי, געבראַכט אַהין מענטשן אויף אָפּצוראַמען דעם שניי. מען האָט אָפּגעראַמט דעם שניי, געעפנט די טיר אין ביידל, און דאָס בילד, וואָס מען האָט דאָרט דערזען פאַר זיך, איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז מען האָט שפּעטער אין ווירטשהויז זיך נאָר געררימט וועגן דעם אויפן אויער און נישט גערעדט אין דער הויך. מען האָט געפונען דעם זשאַבע־מאַן אויסגעצויגן אויף דער ערד, אַ טויטן, און איבער אים זיינען אַרומגעקראָכן די חיות, וואָס ער האָט אויס־געבריט, די זשאַבעס, די שנעקעס, די עקדישן, די פּיפּערנאַטערס. זיי האָבן

זיך אַרויסגעמאַכט פון די באַליעס וואַסער, וואָס זיינען געווען איינגעפּרווירן, און זיינען הונגעריקע אַרומגעקראָכן איבער דער קאַמער. די איינציקע שפּייז, וואָס זיי האָבן געקאָנט געפינען אין דער קאַמער, איז געווען דעם זשאַבע־מאַנס טויטן קערפּער. האָבן זיי זיך אַלע געוואָרפן אויף אים. דער קערפּער איז שוין געווען צעשעדיקט, צעגריזשעט פון די ציין און זויגערס פון די אַלע מינים יאַשטשערקעס, ווערים און שלענגלעך; אויך מייז האָבן געגריזשעט דעם קערפּער. דער טויטער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן דעם מענטשלעכן אַנבליק. זיין פּנים, זיינע הענט זיינען געווען צעפרעסן.

דער כירורג האָט זיך געמיאוסט צו פאַלמעסן דעם קערפּער, כאָטש עס זיינען געווען אין דער קאַמער בולטע סימנים, אַז נאָך אַ מענטש איז דאָרט געווען מיט אים, און אויך דאָס רעשטל זופּ אין אַ טעלער האָט געטראָגן אויף זיך אַ פאַרדעכטלעכן אַנוויז אויף סם. עס איז אָבער געווען דערביי נאָך אַ גוטע אורזאַך פאַר דער פּאָליציי ניט צו וועלן זיך פאַרנעמען צופיל מיטן פאַל: דער טויטער האָט ניט געהערט צו קיין קריסטלעכער אמונה, נאָר צו געצנדינער פון די ציגיינער, ווי דער דאָקומענט, וואָס מען האָט געפונען ביי אים, האָט אויסגעזאָגט. די פּאָליציי האָט ניט געוואָלט זוכן ווייטער די אמתע סיבה פון דעם ציגיינערס טויט און עס דערקלערט פאַר „אַ פאַל פון פאַרפרירונג״. דער קערפּער איז טאַקע, נאָך אַכט טעג ליגן אין דער קעלט, געווען געגליווערט ווי אייז.

דער גלח האָט נישט געוואָלט אים לאָזן באַגראָבן אויף געהייליקטער ערד. די פּאָליציי האָט אים אָבער געגנייט — און מען האָט דעם טויטן, ווי אַ נבלה, אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב ביי דעם פּלויט פון צווינטער, וואָס איז רעזערווירט פאַר פאַרברעכער און ציגיינער.

צום נייעם יאָר איז דער צאָל־באַאַמטער טראַנספערירט געוואָרן אין אַן אַנדער שטאָט. נאָר איידער די פאַמיליע האָט פאַרלאָזט דאָס אָרט, האָט דאָס אינגל אַדאָלף זיך אַרויסגעכאַפּט אויפן צווינטער, גענומען אַ שפּיציקן שטיין און אַריינגעזעצט אים אין דער ערד אויפן קבר פאַר אַ צייכן. ער האָט דערנאָך אַריינגעשריגן אין קבר אַריין:

„איך וועל געדענקען די ווערטער, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. מיין גאַנץ לעבן וועל איך דיך געדענקען, פאָטער!״

און דאָס אינגל האָט געהאַלטן וואָרט.

* * *

נאָך יאָרן און יאָרן איז דאָס אינגל צוריקגעקומען צום קבר. ער איז

געקומען צוריק, ווי דער זשאַבע־מאַן האָט געהאַט צוגעזאָגט זיין מוטער: דער הערשער פון דייטשן רייך! ערשט נאָר־וואָס איז דער גורל פון אַכציק מיליאָן מענטשן פון איינעם פון די גרעסטע און ציוויליזירטסטע פעלקער פון דער וועלט איבערגעגעבן געוואָרן אין זיינע הענט. קיין הערשער פאַר אים האָט ניט באַקומען די מאַכט איבער דעם לעבן און דעם טויט פון זיין אייגן פאָלק, ווי זי איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דעם אינגל אַדאָלף; קיין הערשער פאַר אים האָט נישט געוואָרפן אַזאַ שוואַרצן שאָטן פון טויט איבער פעלקער און נאַציעס ווי דאָס אינגל אַדאָלף. איצט איז ער געקומען צוריק ביינאַכט, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן מאַנטל, אין אַ צילינדער־הוט, באַגלייט מיט אַ שטאַב פון זיינע אייגענע מיליטער־לייט.

מיניסטאָרן, גענעראַלן פון די מעכטיקסטע אַרמייען האָבן געשוואוירן געטריישאַפט צו זיין נאָמען. זיי שטייען אַרום אים, גרייט אויסצופירן זיין באַפעל צו גיין וואו די וועלט האָט נאָר אַן עק און זי באַצווינגען, כדי צו לייגן זי צו זיינע פיס. דער מאַן אָבער, וואָס אין זיין האַנט און מויל איז איבערגעגעבן דער טויט און דאָס לעבן פון דעם ערד־קוגל, שטייט ביי אַן אומבאַוואוסטן קבר, וואָס ליגט ביי דער וואַנט פון אַ קליינעם בית־עולם אין אַן אָפּגעלייגטער שטאָט. קיין מצבה, קיין נאָמען טראָגט נישט דער קבר, נאָר אַ שפּיציק־קאַנטיקן שטיין, וואָס דער מאַן האָט אינגלווייז אַוועקגעלייגט דאָרט פאַר אַ צייכן. אונטערטעניק, מיט רעליגיעזער פרומ־קייט לייגט דער הערשער פון דער וועלט דעם קראַנץ בלומען, וואָס איינער פון זיינע גענעראַלן האָט אים אונטערגעטראָגן, אויף דעם אויסגעגליכענעם, באַשיידענעם קבר, און שרייט אַריין מיט אַ הייזעריקער, רויער שטים:

„פאָטער, די שנאה, וואָס דו האָסט מיך געלערנט, האָט מיר אַלץ געגעבן. הייל!"

„הייל!" — האָט די שטאָטלעכע, ווערדיקע סוויטע מיט די צילינדערס אין די הענט אָפּגעענטפערט.

די מיליטער־לייט זיינען געשטאַנען אין מיליטערישן סאַלוט.